אין אלא
אומתנו אומה בתורתה

# חיים יעקב וילה

# נייע וועגן

פארלאג
„סעדיה"
בוענאס איירעס
ה ת ש " ג

ווען א לאנד ווערט חרוב, שטייט דאס פאלק אויף כדי דאס לאנד צו־ריק אויפצובויען; אבער ווען דאס פאלק ווערט חרוב, טא ווער־זשע וועט אים צוריק אויפבויען?

אחד העם.

# אינהאלט:

זייט

# פאָרוואָרט פון פאַרלאַג

מיט דער דאָזיקער אויסגאַבע פאַנגט אָן דער פאַרלאַג „סעדיה" אַ סעריע אויסגאַבן איבער קעגנוואַרטיקע פּראָבלעמען.

צוזאַמען מיטן פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ סעריע מקורותדיקע האַנט־ביכער וועגן אונזערע ימים־טובים און שריפטן פון היסטאָריש־רעליגיעזן כאַראַקטער, וואָס זיינען באַזונדער געווידמעט דער אויסבילדונג פון אונזער יוגנט, וועט די דאָזיקע סעריע קודם־כל העלפן זיך פאַנאַנדערקלייבן מיט פראַגן פון אונזער היינטיקן לעבן.

ה' חיים יעקב ווילה, וואָס איז באַקאַנט אַלס געזעלשאַפטלעכער עסקן, אַלס עקס פּרעזידענט פון „בני ברית" אין אַרגענטינע, גרינדער פון „בני ברית" אין אורוגוואַי און טשילע, קאַסיר פון דער אידישער אַגענץ אין דרום־אַמעריקע, גרינדער פון דער אָרטאָדאָקסישער קהלה „אחדות ישראל" און איז אויך באַקאַנט אַלס מיטאַרבעטער אין אַ רייע צייטשריפטן אין העברעאיש, אידיש, דייטש און ענגליש, האָט זיך דורך זיין קלאָרער און אומצווייפלדיקער שטעלונג דערוואָרבן פיל פריינט אין אַלע קרייזן, וועלכע וועלן באַגריסן מיטן גרעסטן אינטערעס די דערשיינונג פון דער דאָזיקער אויסגאַבע.

פאַרלאַג „סעדיה"

חנוכה, התש"ג.

# צו די פאַראַנטוואָרטלעכע פירער פון אידישן פאָלק

(ירמיה כ״ג. לויט יהואש׳ס איבערזעצונג)

1. ווי די פאַסטוכער וואָס ברענגען אום און צעשפּרייטן די שאָף פון מיין פיטערונג, זאָגט גאָט.

2. דרום האָט יהוה דער גאָט פון ישראל אַזוי געזאָגט
אויף די פאַסטוכער וואָס פיטערן מיין פאָלק:
איר האָט צעשפּרייט מיינע שאָף און זיי פאַרשטויסן,
און האָט ניט אַכטונג געגעבן*) אויף זיי;
זעט, איך רעכן זיך מיט אייך
פאַר אייערע בייזע מעשים, זאָגט גאָט.

3. און איך וועל איינזאַמלען דעם איבערבלייב פון מיינע שאָף
פון אַלע לענדער וואָס איך האָב זיי פאַרשטויסן אַהין,
און איך וועל זיי אומקערן צו זייער פיטער־פּלאַץ,
און זיי וועלן פרוכפּערן און מערן.

4. און איך וועל אויפשטעלן איבער זיי פאַסטוכער,
און זיי וועלן זיי פיטערן;
און זיי וועלן מער ניט מורא האָבן און ניט אנגסטן,
און זיי וועלן ניט געמינערט ווערן, זאָגט גאָט.

5. זע טעג קומען, זאָגט גאָט.
און איך וועל אויפשטעלן פון דודן אַ גערעכטן שפּראָץ,
און קיניגן וועט אַ קיניג וואָס וועט באַגליקן,
און טאָן רעכט און גערעכטיקייט אין לאַנד.

*) פקדתם פקד.

6. אין זיינע טעג וועט געהאָלפן ווערן יהודה,
און ישראל וועט רוען אין זיכערקייט;
און דאָס איז דער נאָמען וואָס מע וועט אים רופן:
„גאָט איז אונזער גערעכטיקייט!"*)

7. פאַרוואָר, זע, טעג קומען, זאָגט גאָט,
און מע וועט מער ניט זאָגן:
אַזוי ווי עס לעבט גאָט וואָס האָט אויפגעבראַכט
די קינדער פון ישראל פון לאַנד מצרים!

8. נייערט: אַזוי ווי עס לעבט גאָט וואָס האָט אויפגעבראַכט
און וואָס האָט אַהערגעפירט
דעם זאָמען פון דעם הויז פון ישראל,
פון צפון־לאַנד און פון אַלע לענדער
וואָס איך האָב זיי פאַרשטויסן אַהין!
און זיי וועלן זיצן אויף זייער ערד.

## איבער די פאַלשע נביאים:

9. וועגן די נביאים:
צעבראָכן איז מיין האַרץ אין מיר,
אַלע מיינע ביינער ציטערן;
איך בין געוואָרן ווי אַ מענטש אַ שיכורער,
און ווי אַ מאַן וואָס וויין האָט אים איבערגעשטאַרקט;
פון וועגן גאָט, און פון וועגן זיינע הייליקע ווערטער.

10. וואָרום איז מיט נואפים דאָס לאַנד,
זיינען פאַרטריקנט די פיטער־פעלצער פון מדבר;
און זייער לויפעניש איז צום בייזן,
און זייער גבורה איז ניט ערלאַך.

11. וואָרום אי דער נביא אי דער כהן זיינען זינדיק,
אַפילו אין מיין הויז האָב איך געפונען זייער בייז,
זאָגט גאָט.

*) יהוה צדקנו.

12. דרום וועט זייער וועג זיי זיין
ווי אַ גליטשיקער אָרט אין דער פינצטער.
זיי וועלן געשטויסן ווערן און פאַלן אויף אים,
וואָרום איך וועל ברענגען אַן אומגליק אויף זיי,
דאָס יאָר פון זייער רעכנשאַפט,
זאָגט גאָט.

13. אויך ביי די נביאים פון שומרון
האָב איך געזען לעסטערונג;
זיי האָבן נביאות געזאָגט פאַר בעל,
און האָבן פאַרפירט מיין פאָלק ישראל.
14. אָבער ביי די נביאים פון ירושלים
האָב איך שווידערהאַפטיקס געזען:
מזנה זיין, און אומגיין מיט ליגן;
און זיי שטאַרקן די הענט פון די שלעכטסטווער,
אַז זיי זאָלן זיך ניט אומקערן קיינער פון זיין בייז;
זיי זיינען מיר אַלע ווי סדום געוואָרן,
און אירע באַוואוינער אַזוי ווי עמורה.
15. דרום האָט גאָט פון צבאות אַזוי געזאָגט אויף די נביאים:
זע, איך מאַך זיי עסן ווערמוט,
און וועל זיי מאַכן טרינקען גיפטוואַסער,
וואָרום פון די נביאים פון ירושלים
איז אַרויס די זינדיקייט איבערן גאַנצן לאַנד.

16. אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבאות:
איר זאָלט ניט הערן צו די ווערטער פון די נביאים
וואָס זאָגן אייך נביאות;
זיי פאַרנאַרישן אייך;
די זעאונג פון זייער האַרץ רעדן זיי,
ניט אויסן מויל פון גאָט.
17. זאָגן זאָגן זיי צו די וואָס פאַראַכטן מיך:

גאָט האָט גערעדט: איך וועט האָבן שלום;
און איטלאַכן וואָס גייט אין דער איינגעשפּאַרטקייט פון זיין הארצן,
זאָגן זיי: אויף אייך וועט ניט קומען קיין בייז.
18. אָבער ווער איז געשטאַנען אין דעם סוד פון גאָט,
אז ער זאָל מערקן און הערן זיין וואָרט?
ווער האָט פאַרנומען זיין וואָרט און זיך צוגעהערט?

19. זע, אַ שטורעם פון גאָט,
אַ גרימצאָרן איז אַרויס,
יאָ, אַ דרייאיקער שטורעמווינט;
אויף די קעפּ פון די רשעים וועט ער פאַלן.
20. ניט אָפּגיין וועט דער צאָרן פון גאָט,
ביז ער טוט און ביז ער איז מקיים,
די טראַכטונגען פון זיין הארצן;
אין סוף פון די טעג וועט איר דאָס גוט פאַרשטיין.
21. איך האָב ניט געשיקט די נביאים,
און זיי זיינען געלאָפן,
איך האָב ניט גערעדט צו זיי,
און זיי האָבן נביאות געזאָגט.
22. און אויב זיי זיינען געשטאַנען אין מיין סוד,
זאָלן זיי לאָזן הערן מיין פאָלק מיינע ווערטער,
און זאָלן זיי זיי אומקערן פון זייער שלעכטן וועג,
און פון זייערע שלעכטע מעשים.
23. בין איך דען אַ גאָט פון נאָענטן, זאָגט יהוה,
און ניט אַ גאָט פון דער ווייטן?
24. צי קאָן זיך פאַרבאָרגן אַ מענטש אין פאַרבאָרגענישן,
אַז איך זאָל אים ניט זען? זאָגט גאָט
בין איך דען ניט פול די הימלען און די ערד?
זאָגט גאָט.
25. איך האָב געהערט וואָס די נביאים זאָגן,
די וואָס זאָגן נביאות אין מיין נאָמען ליגן,

אזוי צו זאָגן:
מיר האָט זיך געחלומט, מיר האָט זיך געחלומט!

.26 ביז וואַנען נאָך?
איז דען אין הארצן פון די נביאים וואָס זאָגן נביאות ליגן,
און די נביאים פון דעם באטרוג פון זייער הארצן —

.27 טראַכטן זיי דען צו מאַכן מיין פאָלק פאַרגעסן מיין נאָמען
מיט זייערע חלומות וואָס זיי דערציילן איינער דעם אַנדערן,
אזוי ווי זייערע עלטערן האָבן פאַרגעסן מיין נאָמען דורך בעל?

.28 דער נביא וואָס ביי אים איז אַ חלום,
זאָל דערציילן אַ חלום,
און דער וואָס מיין וואָרט איז ביי אים,
זאָל רעדן מיין וואָרט וואַרהאַפטיק.
וואָס האָט שטרוי צו קאָרן?
זאָגט גאָט.

.29 פאַרוואָר, מיין וואָרט איז אזוי ווי פייער,
זאָגט גאָט,
און ווי אַ האַמער וואָס צעהאַקט פעלז.

.30 דרום זע, איך קום אויף די נביאים, זאָגט גאָט,
וואָס גנבען מיינע ווערטער איינער פון אַנדערן.

.31 זע, איך קום אויף די נביאים, זאָגט גאָט,
וואָס נעמען זייער צונג און זאָגן אַ געזאָג.

.32 זע, איך קום אויף די וואָס זאָגן נביאות פאַלשע חלומות,
זאָגט גאָט,
און דערציילן זיי, און פאַרפירן מיין פאָלק
מיט זייערע שקרים און מיט זייער לויזגעלאַזטקייט,
ווען איך האָב זיי ניט געשיקט און זיי ניט באַפוילן;
און נוצן נוצן זיי ניט דעמדאָזיקן פאָלק, זאָגט גאָט.

33. און אז דאָסדאָזיקע פאָלק, אָדער דער נביא, אָדער אַ כהן וועט דיך פרעגן, אַזוי צו זאָגן: וואָס איז די משא*) פון גאָט? זאָלסטו זאָגן צו זיי: וואָס איז די משא? — אַז איך וועל אייך פאַרוואָרפן, זאָגט גאָט.

34 און דער נביא און דער כהן און דאָס פאָלק וואָס וועט זאָגן „די משא פון גאָט". וועל איך זיך אָפּרעכענען מיט יענעם מענטשן און מיט זיין הויז.

35 אַזוי זאָלט איר זאָגן איטלאכער צו זיין חבר, און איטלאכער צו זיין ברודער: וואָס האָט גאָט געענטפערט? און: וואָס האָט גאָט גערעדט?

36 אָבער „משא פון גאָט" זאָלט איר מער ניט דערמאָנען וואָרום אַ משא וועט ווערן פאַר איטלאכן זיין אייגן וואָרט, ווייל איר פאַרדרייט די ווערטער פון דעם לעבעדיקן גאָט, יהוה פון צבאות אונזער גאָט.

37 אַזוי זאָלסטו זאָגן צום נביא: וואָס האָט דיר גאָט געענטפערט? און: וואָס האָט גאָט גערעדט?

38 אָבער אַז איר זאָגט די „משא פון גאָט" — פאַרוואָר, אַזוי האָט גאָט געזאָגט: ווייל איר האָט געזאָגט דאָסדאָזיקע וואָרט „די משא פון גאָט", ווען איך האָב געשיקט צו אייך, אַזוי צו זאָגן: איר זאָלט ניט זאָגן, „די משא פון גאָט".

39 דרום זעט, איך וועל אייך רייסנדיק אויסרייסן. און וועל אַוועקוואַרפן אייך, און די שטאָט וואָס איך האָב געגעבן אייך און אייערע עלטערן, פון מיין פּנים.

40 און איך וועל ברענגען אויף אייך אַן אייביקע חרפּה און אַן אייביקע שאַנד, וואָס וועט ניט פאַרגעסן ווערן.

*) אַ צווייטייטיק וואָרט וואָס מיינט אי פאַרטראָג אָדער נבואה, אי לאַסט.

# איינלייטונג

קיינמאָל איז נאָך די גויט פון אונזער פאָלק נים געווען אזוי גרויס, ווי היינט. און נאָך קיינמאָל איז אין די ברייטע מאסן פון פאָלק ניט געווען אזא טיפע דערוואַרטונג אָנצוהויבן עפּעס נייעס. קיינמאָל האָט זיך נאָך די מענטשהייט ניט דערזען קעגנאיבער אזא אומזיכערן עתיד און קיינמאָל זיינען נאָך ניט צעשטערט געוואָרן אזוי פיל גייסטיקע און פיזישע ווערטן. קיינמאָל זיינען נאָך ניט געווען אזויפיל שקרים, און עס האָט ניט געבושעוועט אזא עגאָיזם. קיינמאָל איז נאָך די מענטשהייט ניט געווען אזוי דלותדיק אין אידעאַלן, ווי היינט און נאָך קיינמאָל, איז קעגן אונז אידן אזויפיל שנאה און האס צום אויסדרוק געקומען.

יעדער אחריותפולער זון פון אונזער פאָלק, מוז מאכן א חשבון הנפש וועגן אונזער צוקונפטיקן גורל. די מענטשהייט איז פארסמט פון דער נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע. עס וועט געדויערן יאָרצענדליקער ביז זי וועט קומען צו זיך פון דער דאָזיקער חולאת.

מיר האָבן תמיד געבראַכט די גרעסטע קרבנות פאַרן פאָרשריט און הומאַניזם. איצט איז געקומען די צייט צו טאָן עפּעס אויך פאַר זיך אליין. האָבן מיר נאָך אלץ ניט תופס געווען, אז אונזער טרויעריקע מערכה אין גלות, דאַרף זיין די שול פון דערקענטעניש, אז אונזער עטיק, אונזער תורה איז אמתדיק און גערעכטיק?

גרויסע עקאָנאָמישע פּאַרוואַנדלונגען שטייען פאַר, און מיר געפינען זיך אין דער ערגסטער פּאָזיציע. עס דראָעט א ווייטערדיקע ירידה. אָבער איז עס דען כדאי, איבערן וועג פון א פארגענגלעכער גלייכבארעכטיקונג, צוריקצוקערן זיך ווידער אין געטאָ אריין?

אלס יחידים זיינען מיר פארלאָרן, אָבער געמיינזאַם קאָנען מיר אפילו היינט אויך עפּעס דערגרייכן. אלס יחידים זייגען מיר פאַראַכט. אלס פאָלק אין אייגענעם לאַנד, קאָנען מיר אויסקעמפן אונזער ווירדע. לאָמיר זיך נעמען צו לעבעדיקע מעשים! לאָמיר שאַפן פאַר זיך א היים! אונזער אויפבוי־

ווערק אין פאלעסטינע קומט ווי א באווייז, אז דאס אידישע פאלק איז אי־נעם איינענעם לאנד פעאיק זיך צוריקצוקערן צו שווערער לאנד־ארבעט און צו פארוואנדלען מדבריות אין בליענדיקע פעלדער. אף בייזוואונדער פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט און ברייט אנערקענט מצד די ערשט־ראנגיקסטע פאבליזיסטן, איז אונטער די שווערסטע תנאים און קורצסטער צייט, געשאפן געווארן א לאנדווירטשאפט, וואס שטעלט מיט זיך פאר א געזונטן יסוד פארן פאלעסטינע אויפבוי און שאפונג פון א אידישן שטאט.

יעדער ספק, אז אידן זיינען ניט אומשטאנד צו בויען זייער אייגענע היים און מלוכהשאפט, איז דורכאויס אפגעווישט געווארן דורכן פאלעס־טינע־ביישפיל.

עס גייט אין בויען א היים פאר מיליאנען אידן. אף דעם דארפן תיכף געשאפן ווערן אלע פארבאדינגונגען, צונויפזאמלענדיק אלע אונזערע כו־חות, און דורך פארנונפטיקער פאליטישער ארבעט, וועט עס אונז געלינ־גען. קודם כל מוזן מיר אוועקשטעלן די עקאנאמישע באזע פאר אזא פאר־נעמפול ווערק.

אין איינעם פון די שווערסטע מאמענטן פון אונזער געשיכטע, זעען מיר די האפנונגספולע מעגלעכקייט בייצוקומען אונזער נויט, און צו פארענ־דיקן מיטן יסורים־פולן וועג פון אונזער פאלק. עס איז אונזער חוב זיך צוצוהערן אריבער אלע שיטות און אידעאלאגיעס צום רוף פון גורל און זיך אנעמען מיט מוט צו מעשים.

חמשה עשר באב שנת ה'שב"ת.

# דער אמתער פּרצוף פון לעצטן יאָרהונדערט

„עס איז ניט פאראַן קיין ראַסן האַס,
ס'איז דאָ בלויז ברויט־קנאה."
עדמונד ראָסטאַרד.

ווייל מען זיך שאַפן אַ קלאָר בילד, וועגן צושטאַנד פון דער קעגנוואַרט, מוז מען זיך באַמיען תופס צו זיין די היסטאָרישע צוזאַמענהאַנגען. דעריבער, איז טאַקע באַרעכטיקט און נויטווענדיק צו וואַרפן אַ בליק אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, אַף צו פאַרשטיין אונזער איצטיקע לאַגע. די אידן־פראַגע, איז תמיד געווען אָפּהענגיק אין דער האַלטונג פון דער אַרומיקער וועלט צו אונז. דער אידנהאַס, איז תמיד געווען די גרונט־סיבה פאַר די האַנדלונגס־אופנים פון די אידן. די פרייהייטלעכע אַנטוויקלונג, דער רעוואָלוציאָנערער גייסט, וואָס איז אַרויסגעפלאָסן פון פראַנקרייך און אַמעריקע אין 18־טן יאָרהונדערט, האָט דערין אין תוך גאָרניט געענדערט. אַף וויפל עס איז פאַלש און אויסגעליידיקט צו פירן די אידישע פּאָליטיק אַלס רעאַקציע, אויפן אָדער קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, קאָן מען אַרויסדרינגען פון די היינטיקע דערשיינונגען, ווען מען מוז זיך אויך איצט מיט דער דאָזיקער קולטור־שאַנד פון דער מענטשהייט אַף אַזוי ווייט רעכענען, אַז אַלע שטרעבונגען פון דער אידישער פּאָליטיק, זאָלן זיין דורכגעדרונגען מיט דער נויטווענדיקייט צו באַקעמפן און באַזייטיקן דעם אַנטיסעמיטיזם.

אונזער ענטפער אַפן אַנטיסעמיטיזם, מוז ענדלעך ווערן אַ פּאָזיטיווער און קאָנסטרוקטיווער. נאָך צוואַנציק יאָרהונדערטער פון יסורים און רדיפות, מוזן מיר אָנעמען דעם פאַקט, אַז די אומות העולם צווישן וועלכע מיר לעבן, ווילן אונז ניט, אפילו, ווען מיר זאָלן זיין די בעסטע פּאַטריאָטן און גרעסטע בעלי צדקה, ווען מיר זאָלן צומאָלס אמתע מלאכים און „הייליקע" זיין. אַפן דאָזיקן סמך דאַרפן מיר אויך אינעם קאַמף קעגן אַנ־

טיסעמיטיזם גיין אַף נייע וועגן. מיר מוזן גובר זיין די אידן־שנאה, דורכדעם וועלן די אומות העולם פון די אידן און דורך די אידן גופא זיך באַפרייען.

מיר מוזן זיך לערנען צו באַגעגענען דעם דאָזיקן פּאַקט מוטיק און ווירדיק.

עס איז כדאי פעסטצושטעלן, אַז פילע אידן בלייבן פאַרווירט און אָן שום פאַרשטענדעניש, כלפּי דעם באַרבאַרישן נאַצי־אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אין אַ קורצער צייט צעטראָגן דעם אידנהאַס איבער אַלע דייטשלאַנדס אונטעריאָכטע לענדער פון אייראָפּע. זיי קאָנען ניט פאַרשטיין, ווי אַזוי איז נאָך מעגלעך די דאָזיקע חרפּה פון דער מענטשהייט, אין אונזער אַזוי פאָרגעשריטענעם יאָרהונדערט. זיי נעמען אויף דעם דאָזיקן אויסברוך פון שטאָק־פינסטערער אידן־שנאה ווי אַן אָפּגעזונדערטע דערשיינונג פון אונזער יאָרהונדערט, ווי אַ ווידעראויסברוך פון אַ פורעניות, וואָס מען האָט שוין געהאַלטן פאַר אויסגעוועפּט.

די דאָזיקע איינשטעלונג, באַווייזט אַף ווי ווייט דער מאָדערנער איד, האָט זיך טועה געווען מכוח דעם אָפּשטאַם פון דער היינטצייטיקער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג. דאָס באַווייזט אַז דאָס רוב אידן, באַנעמען טעותדיק דעם אורשפּרונג פון מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם, און אורטיילנדיק פאַלש, קומען זיי שוין במילא צו גאַנץ פאַלשע הנחות מכוח דער היילונג פון דער דאָזיקער שרעקלעכער חולאת.

מיטן וואָרט — אַנטיסעמיטיזם — פאַרבינדן דאָס רוב אידן די זכרונות פון חושכדיקן מיטלאַלטער, אָדער פון די נאָך פריערדיקע צייטן. זיי טראַכטן, אַז אויך אין די צייטן פון די גריכן און רוימער, זיינען שוין געווען מוראדיקע אידן־רדיפות. זיי טראַכטן וועגן קרייצצוגן און קרייצלער, וואָס האָבן געוואָלט באַפרייען דעם קבר פון זייער דערלייזער, אַרויסשטעלנדיק די פאָדערונג, צוערשט די פיינט פון קריסטוסן פון אייגענעם לאַנד אַרויסצושטויסן, און דאַן זיי אין דער פרעמד צו דערשלאָגן. זיי טראַכטן וועגן שפּאַניע, וואָס האָט אין יאָר 1492 פאַרטריבן אַלע אידן, וועלכע זי האָט במשך פון הונדערט יאָר מיט צוואַנגס־שמד און אינקוויזיציע טעראָריזירט. זיי טראַכטן אין סך־הכל וועגן לעגענדע־פאַרוועבטן מעשה־ביכל געשטאַלט פון אהאַסווערס אייביקן איד, וואָס שלעפּט זיך אַרום מיטן

וואנדער־שטאָק איבער דער וועלט. וועגן וועמען דער דיקטער זאָגט: „אַף פרעמדע גאַסן וועלן מיר בראָדזשען, פון לאַנד צו מדינה פאַרשטויסט אונז דער ווינט, פון היים נאָך היים רייסן די פעלקער אונז פון אונטער די בריטע־דיקע פיס־טריט ארויס, אין ערגעץ איז קיין וואָרצל פאַר דעם פאַלנדיקן בוים, אַף נע־ונד שטייט אונזער וואַנדלענדע וועלט".

אזעלכע געדאַנקען פאַרבינדן זיך באַם דורכשניטלעכן אידן, מיטן וואָרט אַנטיסעמיטיזם, און ער מיינט, אז דאָס אַלץ, איז שוין לאַנג פאַר־ביי און לאַנג שוין איבערגעוויטיקט, און בלויז אין געוויסע געגנטן פון רוסלאַנד זיינען אין פאַבריקן יאָרהונדערט נאָך פאַרבליבן געוויסע באַשרענ־קונגען, ביז וואַנעט היטלער און דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, האָבן אויפ־געוועקט דעם אַנטיסעמיטיזם צו אַ נייעם לעבן.

דער דאָזיקער טעות איז אַזוי גרויס, אַז ער קאָן איבערהויפּט פּסי־כאָלאָגיש בלויז דערקלערט ווערן דורכדעם, וואָס די אידן זיינען דורכגע־דרונגען מיטן וואונטש צו געפינען סוף כל סוף מנוחה, און זיי האָבן זיך אַף אַזאַ אופן אַנגעטון אַ כוח כדי איבערצוטראָגן די ווירקלעכקייט, אוים־דוכטנדיק די געגאַרטע רו. אין דער ווירקלעכקייט איז אָבער היטלערס אַנ־טיסעמיטיזם, דורכאויס נים קיין שום נייעס. ניי איז דאָרט בלויז די אומ־געהויער־קאָנסעקווענטע גרויזאַמקייט, וועלכעס ער האָט דערפירט צו אַ סיסטעם פון וועלט־דעראָבערונג. עס איז נים קיין צופאַל, וואָס דאָס וואָרט אַנטיסעמיטיזם, איז איבערהויפּט אַנטשטאַנען ערשט אין סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, מיט 60 יאָר צוריק. אין דער דאָזיקער צייט שווימט אַרויף דאָס דאָזיקע וואָרט צום ערשטן מאָל, אין אַ פאָרשלאָג וואָס אַ געוויסער פערסטער האָט אריינגעטראָגן אין רייכסטאַג, מיט באַשרענקונגס־פאָדערונ־גען אַף אידן. 250.000 אונטערשריפטן, האָט דער דאָזיקער פערסטער גע־בראַכט, אגב האָט ער שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין פּאַראַגוואַי און דאָרט געגרינדעט אַ דייטשע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע און וויי־טער געאַרבעט פאַר זיין פאָרשלאָג. אַ געוויסער מאַר, האָט אין זעלבן יאָר ארויס־געגעבן „צוואַנגלאָזע אַנטיסעמיטישע העפטן". זיבן יאָר שפּעטער איז דער ערשטער אַנטיסעמיטישער דעפּוטאַט, טאַקע אַלס אַזעלכער אויסגעווײלט געוואָרן אין דייטשן רייכסטאַג אריין. אין 24 יאָר ארום, דאָס הייסט אין יאָר 1911, ציילט שוין דער רייכסטאַג מיט 22 אַנטיסעמיטישע דעפּוטאַ־

טן, וועלכע זיינען מצד 416.000 וויילער געשיקט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט אריין. דייטשלאַנד איז שוין געווען מיט 60 יאָר צוריק דער מיטלפּונקט פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג, און, איינצייטיק, די ארענע פאַר דער אָפּשטויסנדיקסטער פון אַלע פאַרלוימדונגען, דעם עלילת דם. דער דאָזיקער שקר, אַז אידן באַנוצן פאַר געוויסע ריטועלע צוועקן קריסטלעך בלוט, קומט פון אַ דייטשן מקור. דאָס איז ניט קיין צופאַל, ווייל אין דער דייטשער פאָלקס־מעשהלע, איז פאַראַן דער מאָטיוו וועגן אָרעמען היינריך, וואָס האָט זיך מיט בלוט פון אַ יונג־פרוי אויסגעהיילט פון צרעת. די ריטועלע מאָרד־באַשולדיקונגען וואָס זיינען מצד פילע פויפּסטן און קיסרים, גייסט־לעכע און וועלטלעכע פירשטן, אַפן שאַרפסטן אופן, דערקלערט געוואָרן אַלס אומזיניקער שקר, זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן קעגן אידן אין קאָניץ אי־נעם יאָר 1900, בעת מען האָט געפונען טויט אַ דאָרטיקן גימנאַזיע־שילער. דער דאָזיקער שאַנד־פּראָצעס, האָט זיך טאַקע געענדיקט מיט דער באַ־פרייאונג פון אָנגעקלאָגטן אידישן מעקלער איזראַעלסקי, אָבער די באַגרינ־דיגג פונעם אורטייל, גיס אָף אַן אומדירעקטן אופן רעכט דער ריטואַל־מאָרד־באַשולדיקונג, און דער מעדיקער סערטיפיקאַט פון דער קרייז־פּראָקו־ראַטור, איז געווען אַזוי אויסגעפּלפּולט, אַז די מעגלעכקייט פון ריטואַל־מאָרד, זאָל בלייבן אָפן. אין 8־טן און 10טן יוני 1901, זיינען אין קאָניץ דורכגעפירט געוואָרן פּאָגראָמען און פון קאָניץ, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַן אמתע פּאָגראָם־כוואַליע, איבער גאַנץ מערב־פּרייסן. די דייטשע יוס־טיץ, האָט דערמוטיקט די פּאָגראָם־העלדן מיט אַ גאַנצער ריי משפטים קעגן אידן און זייער מילדע פּסק דינים קעגן כוליגאַנעס. די בלויזע אַרויסטריטן פון אַ באַאַמטן קלעקן אָף צו פאַרמשפטן דעם איד לעווי נאָך אין סעפּטעמ־בער 1901 אָף פיר יאָר צוכטהויז און ערשט אין צוויי יאָר אַרום ווערט דורך אַן אָנגעזעענעם מעדיקער, גאַנץ פּשוט אויפגעוויזן, אַז פון קיין רי־טואַל־מאָרד, קאָן איבערהויפּט ניט זיין קיין רעד.

עס ווערט דאָ אָפּגעגעבן פאַר דער „קאָניץ אַפערע״ אַזויפיל פּלאַץ, ווייל זי איז סימפּטאָמאַטיש פאַר פיל זאַכן. דער פאַקט גופא איז באַמער־קונגסווערט, אַז אין די יאָרן 1900־1902, זאָל אין דייטשלאַנד איבערהויפּט מעגלעך זיין אַזאַ אומזיניקער פּראָצעס, און אַז די זעלבע פאַרשוינען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אידן־העצע, און זיינען צוליב די פאַרלוימ־

דונגען אויך נאָכדעם פאַרורטיילט געוואָרן צו תפיסה, זיינען שפּעטער נאָך זייער באַפרייאונג — אָדער בעסער געזאָגט, דווקא צוליב דעם — געווײלט געוואָרן אינעם דייטשן רייכסטאָג.

אין דייטשלאַנד זיינען פאָרגעקומען עלילת־דם־פּראָצעסן אין יאָר 1929 אין מאַנאַו (בייערן), און זיינען אינעם יאָר 1930 אין קאָבורג, קעלן און נירנבערג געפירט געוואָרן. אין די אַלע פאַלן, זיינען די אָנגעקלאָגטע געווען אידן, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דייטשע צייטונגען, ווייל זיי האָבן די עלילת־דם באַשולדיקונג געבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט, אין צוזאַמענהאַנג מיט מאָרד־פאַלן. כאָטש מען האָט אין די דאָזיקע פאַלן צוגעטיילט די אידן גערעכטיקייט, איז עס אָבער געווען סימפּטאָמאַטיש, אַז אין דער דאָזיקער צייט, זאָל מען אין דייטשלאַנד מוזן אונטערנעמען פיר אַזעלכע פּראָצעסן, און דאָס זיינען דורכאויס ניט די איינציקע פאַלן, וואָס די דייטש־אַנטיסעמיטישע פּרעסע האָט אויסגעגראָבן קעגן אידן דעם עלילת דם־בלבול. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דערמאָנט זיך נאָך דער ריטואַל־מאָרד פון ברעמען, וואו דער כלומרשט דערמאָרדעטער קאַסירער פון אַ אי־דישן סוחר, האָט גאָר געמאַכט פּליטה מיטן געגנבעטן געלט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, דערמאָנט זיך, אַז בעתן וועלט קריג, איז די אַנטיסעמיטישע העצע קעגן אידן אין דייטשלאַנד ניט איינמאָל אַרויפ־געשוואומען, כאָטש די אידן האָבן פּונקט ווי אַלע אַנדערע אַנטיילגענומען אין דער פאַרטיידיקונג פון דייטשלאַנד. אין יאָר 1917 איז דורכגעפירט געוואָרן די אַזוי גערופענע „אידן ציילונג", וועלכעס איז כלומרשט פאַר־אָרדנט געוואָרן, כדי פעסטצושטעלן צי „האָט מען ניט באַפרייט קיין פאַר־העלטנישמעסיק צו גרויסע צאָל אָנגעהעריקע צום אידישן גלויבן פונעם פראָנט דינסט און צי זיי זיינען פאַרווענדעט געוואָרן אין עטאַפּן און היימאַטס־דינסט".

מען קאָן געבן נאָך אַ סך ווייטערדיקע ביישפּילן, אַז אין דייטשלאַנד איז כסדר במשך פון די לעצטע 60 יאָר דער אַנטיסעמיטיזם געווען אין פּערמאַנענטן וואוקס. דער פּאָגראָם, בלבולים און באָיקאָט, זיינען אין די דאָזיקע 60 יאָר אין דייטשלאַנד געווען גאַנץ היימיש, עס איז נאָר ניט געווען אָרגאַניזירט פון דער רעגירונג. אָבער דער צייטנווייס געדולדעטער און צייטנווייס באַקעמפטער אַנטיסעמיטיזם, האָט עקזיסטירט. דענקענ־

דיקע און נאָכטראַכטנדיקע אידן אין דייטשלאַנד, האָבן עס תמיד געשפּירט.

אַ כמעט נביאישער און טרעפלעכער שטעל פון יאַקאָב וואַסערמאַן אין זיין בוך „מיין וועג אַלס דייטשלענדער און איד", באַווייזט עס אויפן בעסטן אופן.

„אויף קיין יושר האָט מען ניט וואָס צו האָפן. מען האָט ניט געמיינט קיין גערעכטיקייט נאָר קנאה איז מען אויסן געווען און די שנאה בושעוועט כסדר. זי מאַכט ניט קיין שום אונטערשיד אין דער פּערזאָן און דעם אויפטו, עס שטעלט ניט קיין שאלה וועגן זין און ציל. עס איז אַן און פאַר זיך אַליין זין און ציל. דאָס איז דער דייטשער האַס."

מיר האָבן אויסגעקליבן דייטשלאַנד אַלס ביישפּיל, ווייל דייטשלאַנד, איז אין שייכות צום אַנטיסעמיטיזם, דאָס אַמערסטנס אויסגעשריגענע לאַנד. אָבער עס איז אַ גרויסער טעות צו גלויבן, אַז במשך פון די לעצטע 100 יאָר, איז בלויז דייטשלאַנד געווען די אַרענע פון אַנטיסעמיטישער העצע. הונדערט יאָר, איז עס איצט אין דעם, זייט די וועלט, איז דערשיטערט געוואָרן פון דער דמשק־אַפערע, וואו עס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן קעגן אידן די פּוסטע און זינלאָזע באַשולדיקונג אין האָבן דערהרגעט אַ מאָנאַך, און דערביי זיינען געווען די היימישע באַערדן די אָנהעצער צו די באַרבאַרישע אידן פאַרפאָלגונגען, און צווישן די, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער באַשולדיקונג, זיינען געווען אייראָפּעאישדיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער און קודם כל פראַנקרייכס פאַרטרעטער. און ווי לאַנג האָבן אונזערע בעסטע אידישע פאַרשטייער געמוזט פירן אַ קאַמף, ביז זיי האָבן דערגרייכט די הילף פון די אייראָפּעאישע מלוכות אין זייער קאַמף פּטור צו ווערן פון דער מכה־דמשק.

רוסלאַנד איז איבערהויפּט אין די לעצטע 60 יאָר געוואָרן דאָס לאַנד פון אַנטיסעמיטיזם, ווען דאָס מלכות פון די צאַרן האָט באַקומען אַ שם. ביז 1880 זיינען זיך אין רוסלאַנד פאַרלאָפן בלויז דריי פּאָגראָמען, נאָך 1880 ביזן וועלט קריג, בושעווען די פּחדימדיקע אידן־רדיפות אין מזרח אייראָפּע, וועלכע זיינען דורכאויס ניט פאַרענדיקט געוואָרן מיטן קריג. אין די יאָרן 1917 ביז 1921, זיינען אין 688 ישובים פון אוקראַינע, אויסגעבראָכן פּאָגראָמען און עס ווערן ווייניקסטנס פון 50 ביז 60 טויזנט אידן אויסגעהרגעט. אַן ענלעכע פּאָגראָם כוואַליע האָט פאַרפלייצט גרויס רוס־

לאַנד, וואָס פאַרבלאַסט אַפילו דעם מוראדיקן קישענעווער פּאָגראָם פון 1903. אַ סך זיינען נאָך איצט צופיל נוטה צו פאַרגעסן, אַז סאָוועטרוס־לאַנד, האָט פאַרבאָטן די רוסישע אידן די פאַרבינדונג מיטן וועלט אידנ־טום, און אַז די לאַגע פון אידן בעתן סאָוועט־רוסישן ־ נאַציש־דייטשן פריינטשאַפט־פּאַקט, איז געווען זייער אַ סכנותפולע.

פּוילן האָט אין 1918 און 1919, ווידער אויפגעלעבט פּאָגראָמען אין לעמבערג, וואַרשע, ווילנע און קראָקע, און לאַנג פאַרן אויסברוך פון איצ־טיקן קריג, איז שוין פּוילן ווידער געווען אַ פּולשטענדיק אַנטיסעמיטיש רעגירטעס לאַנד. רומעניע איז באַקאַנט מיט אירע שוידערלעכע אַרויס־טריטן קעגן אידן, דערביי דאַרפן בלויז דערמאָנט ווערן די פּאָגראָמען פון 1922 און 1927, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן באַם שלום פון סטו־דענטן קאָנגרעס. אונגאַרן האָט אויך געהאַט איר עלילת־דם פּראָצעס פון טיסאַעסלאַר באַם סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט (1882), און האָט זינט 1919 ביז 1922, בעתן „ווייסן טעראָר" פון די „דערוואַכנדיקע" מאַדיאַרן, איינגעשלונגען לרוב אידן־קרבנות. דאָס באַזיגטע אונגאַרן, איז געווען דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט ווערנדיק געדולדעט מצד אַלע אַליאירטע מאַכטן, איינגעפירט דעם נומערוס קלאַוזוס, פאַרגעזעצלעכנדיק דורכדעם צום ערשטן מאָל, נאָך 1919 דעם אַנטיסעמיטיזם. טשעכאָסלאָוואַקיי, האָט גע־זען אַ פּאָגראָם אינעם יאָר 1918 אין מערן, און אינעם יאָר 1919 אין אַ סך סלאָוואַקישע מקומות.

אַפילו אינעם פרייהייטלעכן מערב אייראָפּע, האָט מען די אידן, במשך פון די לעצטע הונדערט יאָר, דורכאויס ניט צורו געלאָזט. אין יאָר 1886, איז דערשינען אין פראַנקרייך „לאַ פראַנס זשויף", פראַנקרייכס אַנ־טיסעמיטישער קאַטעכיזם, וואו עס געפינט זיך שוין די באַהויפּטונג, אַז די פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון 1789, איז אַן אידיש שטיקל אַרבעט. די שולד פאַר פראַנקרייכס מפּלה אינעם קריג פון 1870-71, ווערט אויך צו־געשריבן אַפן חשבון פון די אידן. עס אַנטשטייען אַזעלכע צייטונגען ווי „ל'אַנטי זשויף" או „ל'אַנטיסעמיטיק", עס ווערט געגרינדעט אַן אַנטיסע־מיטישע ליגע, און אין דער דאָזיקער אַטמאָספער, ווערט דער דרייפוס־פּראָצעס (1894) געפירט. אין אַלזשיר דערגייט אַפילו אין פאַרלויף פון דאָזיקן פּראָצעס צו פּאָגראָמען, און ערשט דער אויסגאַנג פון דאָזיקן פּראָ־

צעס, פאַרלאַנגט אַ דערווייליקע, כלומרשטע פאַרשווינדונג פון אַנטיסע־מיטיזם. אויך ענגלאַנד איז ניט פריי געווען פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק, ליטעראַריש אין די פּריאַיקע ווערק פון טשעסטער־טאָן, און זשורנאַליסטיש אין „דיילי עקספּרעס" און „מאָרנינג פּאָסט". ערשט לעצטנס האָט וועדזשוואוד זיך פּאַרופן אַפן אַנטיסעמיטיזם פון אַ געוויסן טייל פון דער ענגלישער רעגירונג. די שווייץ איז באַקאַנט מיט אַ שחיטה פאַרבאָט, און די איינבירגערונג פון אידן אין דאָזיקן לאַנד, איז זייער באַשווערט. אין פינלאַנד האָבן ביז דעם פּאַריקן וועלט קריג, געגאָלטן שענדלעכע באַשרענקונגען קעגן אידן, דער אַנטיסעמיטישער כאַראַקטער פון איר רעגירונג איז געבליבן אומפאַרענדערט עד היום.

דער אינטערנאַציאָנאַלער אַנטיסעמיטיזם גופא, אַזוי ווי די נאַצים פּראָפּאַגירן אים, איז אויך ניט ניי. ער האָט זיין אָפּשטאַם־לאַנד אין דייטש־לאַנד, וואו שטעקער, האָט גערופן צום קאַמף קעגן אידישן אינטערנאַציאָ־נאַל. דייטשלאַנד איז געווען די אַרענע פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַלן אַנ־טיסעמיטישן קאָנגרעס (דרעזדען 1882), אין עסטרייך, אין אונגאַרן און רומעניע, האָט די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע באַקומען אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג. אין 1925 געפינט זיך דער צווייטער אַנטיסעמיטישער קאָנגרעס אין דער שטאָט בודאַפּעשט, און אין יאָר 1926 דער דריטער קאָנגרעס, אַף אַ פּלאַץ בּאַ קאָפּענהאַגען, וואו עס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן דעלעגירטע פון דייטשלאַנד, דענעמאַרק, פראַנקרייך, ענגלאַנד און פיל אַנדערע לענדער.

אַזוי זעט אויס אין דער ווירקלעכקייט דער פּרצוף פון אונזער יאָר־הונדערט. די אַנטיסעמיטישע מכּה, האָט טאַקע אין די קנאַפּע יאָרצענד־ליקן נאָר וויניקע אָנשפּאָרן דערגרייכט, אָבער צו וואָס פאַר אַ קאָנסעק־ווענצן עס קאָן פירן, זעען מיר אין אונזערע לעצטע צען לעבנסיאָר. מיר דאַרפן ניט לעבן אין טעות, נאַרנדיק זיך, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אויסגעראָטן ווערן, ווייל די פינסטערלינגען, זיינען פאַריבערגייענד, ווען זיי מוזן וויניקער באַלעסטיקן די עפנטלעכקייט. אַנטיסעמיטיזם האָט במשך פון די לעצטע הונדערט יאָר, דעם „אויפגעקלערטסטן" יאָרהונדערט ניט אָפּגעלאָזט. עס איז ניט פאַרביי קיין איין יאָרצענדליק אָן דעם, אַז קיין מענטשלעך לעבן, קיין קרבן אין האָב און גוטס און בלוט, זאָל ניט קאָסטן. צו עוקר מן השורש זיין עס נאָכן איצטיקן קריג, איז א ו נ ז ע ר אויפ־

גאבע. און די לייזונג פון דעם פאַלט זיך צענויף מיט דער אנערקענונג, אַז דער אַנטיסעמיטיזם, וועט ניט אויפהערן אויטאָמאַטיש, צוזאמען מיט היטלערן, ווייל ער האָט נאָך עקזיסטירט לאַנג פאַרן היטלערן.

די רעטונג פון אונזער פאָלק און דער מענטשהייטס באפרייאונג פון דער אַנטיסעמיטישער קולטור־שאַנד, וועט נאָר דאַן געלינגען, ווען מיר אידן גופא, וועלן צושטעלן דעם אנטשפּרעכנדן בייטראַג און סוף כל סוף אַרויס־גיין פאַר זיך אַליין, מיט מי און קרבנות.

# אַרום די קעגנוואַרט פּראָבלעמען

אין דער קעגנוואַרטיקער לאַגע פון אידישן פאָלק מוז מען אַרומנעמען מיטן בליק דעם גאַנצן טראַגיזם, כדי צו קאָנען אויסמעסטן, וואָס פאַרא מאָסמיטלען עס דאַרפן אָנגענומען ווערן. אַ דיסקוסיע מכוח דעם פאָלקס כאַראַקטער פון אונזער עם ישראל, פאַנאַנדערגעוויקלט אין דער גאַנצער ברייט, קאָן היינט אויסזען ווי אַן אַנאַכראַניזם. מיר טאָרן אָבער איבער דעם ניט אַריבערגיין, כדי צו איבערצייגן די אומפאַרשטענדיקע און זיך אַ נעם טון צו דער קאָנסטרוקטיווער אויפגאַבע, וואָס ליגט אַף אונז אַרויף גוואַל־דיקע התחייבותן אַף גובר צו זיין די אידישע נויטן.

דאָס בילד, וואָס וויקלט זיך אויס פאַר אונזערע אויגן, איז מורא אָנ־ווארפנדיק און מאַוימדיק. מיר קאָנען נאָך דעם פאַרנעם פון דער אידישער קאַטאַסטראָפע ניט אויסמעסטן, ווייל אַ סך בלייבט נאָך פאַר אונז פאַרהוילן דורכן קריג און אומפאָלקאָמענע ידיעות. אָבער דאָס וואָס מיר ווייסן, באַ־וועגט אונז, מיט טיפן טרויער צו רעדן וועגן אונטערגאַנג פון אייראָפּע־אישן אידנטום, אַן אידנטום, וואָס איז במשך פון יאָרהונדערטער געווען דער טרעגער פון דער אידישער קולטור, און דער שעפערישער קוואַל פון דער אידישער יצירה.

# אַרום דער אידישער לאַגע אין אייראָפּע
# אַלגעמיינער איבערבליק

די טרויעריקע לאַגע פון אייראָפּעאישן אידנטום, איז זיך זייער שווער פאָרצושטעלן. בלויז די אָן א שיעור גזירות אין וועלכע דאָס אידישע לע־בן, איז איינגעקוועטשט, ווערט באַשווערט און געמאַכט אומדערטרעגלעך, איז מַמש אומעגלעך צו דערגרונטעווען.

מיר קאָנען צומאָלס ניט פאַרצייכענען בפּרטיותדיק די רדיפות און גזירות. די מאַכט פון איין לאַנד, אָן אוניקום אין איר גרענעצלאָזן גוואַלט־רעזשים, דער האַס פון אַן אומבּרחמנותדיקן קרייז ווילד־צעבושע־וועטע פאַנאַטיקער און אומגעצוימטע באַרבאַרן, ריכטעט זיך אָן שום אויס־נאַם, קעגן אַלע אידן פון אייראָפּע.

די גרוילטאַטן, סיי די איינצלאַקטן, ווי די מאַסן־נגישות, וואָס ווערן אויפגעדעקט און אַרויסגעבראַכט, זיינען נאָר צו ווייניק באַקאַנט, אין די מיינסטע פאַלן, ווילט זיך מַמש ניט גלויבן, אָדער עס אָנעמען אַלס אמת, ווען מען הערט וועגן דעם.

די דאָקומענטן, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן מצד דער ענגלי־שער רעגירונג וועגן דער באַהאַנדלונג פון די דייטשע שטאַטס־אָנגעהערי־קע אין דייטשלאַנד, און דערשינען אין בריטישן מלוכה פאַרלאַג אין 1939-40 אין לאָנדאָן, גיבן בלויז אַ ניט פולקאָם אַריינבליק אין איין קליינעם טייל־באַצירק, אָבער זיי ווייזן, וואָס מען קאָן אַליין טאָן אפן סמך פון גע־זעץ.

צווייפלען אין דער ערנסטער כונה פון די דאָזיקע מושלים פולשטענ־דיק אויסצוראָטן די אידן, וואָלט געווען לייכטזיניקייט, און אַ סימן פון פאָ־ליטישער קורצזיכטיקייט. אומגעהויערע כוחות און ווערטן, אָן אַ שיעור מענטשנלעבנס וואָלט מען דערהאַלטן מיטן לעבן און אַ וועלט מיט טרערן וואָלטן פאַרשפּאָרט געוואָרן, ווען מען דערגרונטעוועט, וואָס שנעלער דעם

ערנסט פון דער סיטואַציע און מען קומט אונטער מיט דער געהעריקער האַנדלונג.

איצט איז עס שוין כמעט ווי צו שפּעט אַף צו העלפן און צו רעטן. אייניקע ציפערן ווייזן דעם פאַרנעם פון דער קאַטאַסטראָפע:

עס האָבן געלעבט אינם יאָר 1940 אין

| | | |
|---|---|---|
| דייטשלאַנד (אַלטרייך) — — | 300.000 | אידן |
| עסטרייך — — — — — — | 100.000 | „ |
| טשעכאָסלאָוואַקיי — — — | 150.000 | „ |
| פּוילן — — — — — — — — | 3.000.000 | „ |
| דענעמאַרק — — — — — — | 7.000 | „ |
| נאָרוועגן — — — — — — | 1.600 | „ |
| דאַנציק — — — — — — — | 4.000 | „ |
| איטאַליע — — — — — — | 50.000 | „ |
| אונגאַרן — — — — — — | 500.000 | „ |
| שפּאַניע — — — — — — | 10.000 | „ |
| רומעניע — — — — — — | 1.000.000 | „ |
| יוגאָסלאַוויע — — — — — | 100.000 | „ |
| האָלאַנד — — — — — — | 150.000 | „ |
| לוקסעמבורג — — — — — | 2.000 | „ |
| בעלגיע — — — — — — | 65.000 | „ |
| פראַנקרייך — — — — — | 250.000 | „ |
| עסטלאַנד — — — — — — | 6.000 | „ |
| לעטלאַנד — — — — — — | 100.000 | „ |
| ליטע — — — — — — — | 200.000 | „ |
| גריכנלאַנד — — — — — — | 85.000 | „ |
| פינלאַנד — — — — — — | 2.000 | „ |
| בולגאַריע — — — — — — | 50.000 | „ |
| אַרום און אַרום — — — — | 6.138.000 | אידן |

וויפל אידן עס לעבן איצט אין רוסלאַנד, ווייס מען ניט. זייער צאָל וואָלט געדאַרפט בארעכנט ווערן אַרום 2,7 מיליאָן (לויט מלוכה סטאַטיס־

מיק פון 1926). לויט אנדערע שאצונגען, שטייגט איבער די אידישע באַ־פעלקערונג די ציפער פון פינף מיליאָן. דאָס רוסישע אידנטום, וואָס איז ביז ווייניקע יאָרצענדליק צוריק, געווען אַן אומאויסשעפּלעכער כוחות רעזערוואואר פון אידישן פאָלק, ווען אפילו עס קאָן שוין, צוליב די לעצטע פּאַסירונגען, פּראָקלאַמירן זיין אָנשלוס צום אידישן פאָלק, איז אָבער צוליב רוסלאַנדס פאַרנעמען די מערבדיקע טעריטאָריע געביטן, וואו די אידן וואוינען הויפּטזעכלעך, אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַף די שווערסטע נסיונות. דורכדעם ווערט די צאָל אידן, וואָס געפינען זיך אין נויט און עלנט נאָך פיל גרעסער, ווי עס ווערט אָנגעגעבן אַף דער טאַבעלע. און איז מען נאָך מוסיף די לעצטע פּובליקאַציעס פון אידישן וועלט קאָנגרעס, וואָס זיינען מצד אַלע גרויסע צייטונגען פון די דעמאָקראַטיעס איבערגעדרוקט געוואָרן, אַז פונעם זיבן מיליאָניקן, פאַרשקלאַפטן אידנטום, זיינען אַ מיליאָן צוגרונט געגאַנגען, בעת דער קריג, האָט זיי פאַרכאַפּט, דאַן קאָן מען זיך שאַפן אַ בילד פונעם גרויל־האַפטיקן מאַסן־כאַראַקטער פון דער אידישער קאַטאַסטראָפע.

די אחריות פון די אידישע פירער נעמט היינט אַרום, אָן שום ספק, אויך די אידישע מאַסן, וואָס לעבן אין רוסלאַנד.

מען דאַרף קיין סך ניט בודק זיין אַף צו זען, אַז די גאַנצע וועלט איז שוין אָנגעשטעקט מיטן סם פון אידנהאַס.

עס איז שוין היינט ניטאָ קיין שום לאַנד, וואו אַלס רעזולטאַט פון דער אַנטיסעמיטישער העצע, זאָלן אידן גערן געזען ווערן. דאָס פּאַסירט ליידער אַפילו אין די לענדער, וואָס האָבן ניט אין זייער געזעצגעבונג קיין שום אידנפיינטלעכע באַשטימונגען. עס זיינען אַפילו פאַראַן לענדער, וואָס האָבן געזעצלעך, אָדער פּראַקטיש, געשאַפן אַן אַלגעמיינע איינוואַנדערונגס באַגרענעצונג, כדי ניט צו דאַרפן אין דער צוקונפט אַריינלאָזן קיין אידן.

עס וואָלט געווען אַ לייכטזיניקער טעות, אָנצונעמען, אַז די לאַגע פון אידישן פאָלק וועט זיך מיטן זיג פון די אַליאירטע, אַף אַן אויטאָמאַטישן אופן אנטשיידן ענדערן. מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז טראָץ דעם זיג פון ערשטן וועלט קריג, זיינען די אידן אין פּוילן און רומעניע אונטערדריקט געוואָרן און אין רוסלאַנד פאַרפאָלגט. אָבער ווען אַפילו עס וועלן מיטן זיג פון דער גערעכטיקייט, אָפּגעשטעלט ווערן די באַרבאַרישע פאַרפאָלגונ־

גען, וועט אנטשטיין די אומפארמיידלעכע נויטווענדיקייט פון א מאסן־אויסוואנדערונג פון אייראפע, וועלכעס מוז באזונדערס טרעפן די אידן.

אייראפע איז איבערבאפעלקערט. עס וועט אין קיין שום לאנד פונעם אלטן קאנטינענטס לעבנסרוים פון די אויסגעהונגערטע, פאראָרעמטע און היימלאזע מאסן, קודם כל ניט סטייען פאר אידן. דער עקאנאמישער חורבן, וועט ערשט נאכן סוף פון בלוט־מבול קאנען אויסגעמאסטן ווערן אין זיין גאנצן פארנעם. דער ערשטער קרבן פון דערווירטשאפטלעכער קאטאסט־ראפע, זיינען געווען אמאל, זיינען איצט, און וועלן פארבלייבן די אידן.

די אידישע מאסן־אויסוואנדערונג פון אייראפע, וועט ערשט נאכן סוף פון קריג ארויפשווימען.

די אידישע פאליטיק, מוז זיך שוין אריענטירן אף די דאזיקע פאקטן, און דעריבער מאכן דעם נויטווענדיקן חשבון הנפש. עס מוזן וועגן דעם אנגענומען ווערן די מאסמיטלען, וואס זאלן מיט דער איינהייטלעכער פלאנ־מעסיקייט, צוטרעטן צו דער מאסן עמיגראציע פון די אידן פון אייראפע, און דערמעגלעכן די לענקונג פאר דער דאזיקער עמיגראציע. עס מוז פאר־היטן ווערן, אז דורך די אלטע פעלערן, זאל די נייע עמיגראציע ניט פאר־שלעפן דעם אנטיסעמיטיזם פון איין לאנד אין אנדערן. די פלאנמעסיקע איבערזידלונג פון מיליאנען אידן, מוז גיין צו א נייעם געזונטן לעבן און דורכדעם פירן צו א בעסערער צוקונפט פאר אלע אידן.

# קעגן האַלבע לייזונגען.

אין דער דאָזיקער שרעקלעכער לאַגע פאַרן אידנטום, קאָן מען זיך ניט צופרידנשטעלן מיט צווישן אָדער טיילווייזע לייזונגען, נאָר מען מוז פּרואוון סוף כל סוף, עס אײַנגאַנצן און ראַדיקאַל פּראַמאַל צו לייזן. דערביי דאַרף מען קיין שום נייעסן ניט דערפינדן, נאָר מען קאָן זיך אינעם ברייטסטן פאַרנעם פאַרופן אַף די געשיכטלעכע פאַר־הנהגות, מען דאַרף נאָר מיט ענערגיע אַנטוויקלען די ווילנס, וואָס די גרויסע פון אונזער פאָלק, האָבן באַגרינדעט. ל ע אָ ן פ י נ ס ק ע ר און ט ע אָ ד אָ ר ה ר צ ל, האָבן אַרום די קעגנוואַרט־פּראָבלעמען, און באַזונדערס אַרום דער פראַגע פון אידישער מאַסן־איבערזידלונג און מאַסנוואַנדערונג, וועלכע זיינען אַצינד אונזערע צענטראַלע פּראָבלעמען, אַ קלאָרע שטעלונג אָנגענומען, וועלכעס איז ניט נאָר איבער זייער אייגענע צייט, נאָר בלייבט אויך גילטיק פאַר דער וויטערער צוקונפט.

אַט ווי עס שרייבט פינסקער אין זיין בוך אויטאָעמאַנסיפּאַציע, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1882:

„און אַזוי גייט דורך דאָס אידנטום און די שנאה צום אידנטום האַנט בא האַנט אין דער געשיכטע אין משך פון הונדערטער יאָרן, און ס'דאַכט זיך, אַז פּונקט ווי דאָס אידישע פאָלק, וועט אויך די שנאה צו אים קיינמאָל ניט שטאַרבן. מ'דאַרף זיין בלינד ניט צו זען, אַז די אידן זיינען דאָס „אויסדערוויילטע פאָלק" פאַר דער אַלגעמיינער שנאה. אויב אין די קעגנזייטיקע באַציאונגען, אינסטינקטן און שטרעבונגען זיינען פאַראַן חלוקי דעות צווישן די פעלקער — אין זייער שנאה צו אידן געבן זיי זיך אָבער די הענט; אין דעם זיינען זיי אייניק. אין וואָס פאַרא מאָס און פאָרם די אַנטיפּאַטיע צו אידן דריקט זיך אויס — דאָס ווענדט זיך שוין אָן דעם קולטורעלן מצב פון דעם אָדער יענעם פאָלק, אָבער דער עצם פון דער דאָזיקער אַנטיפּאַטיע בלייבט אומעטום איין און דערזעלבער, אַלצאיינס צי

זי דריקט זיך אוים אין דער פאָרם פון גוואַלדטאַטן, פון קנאַהדיקן האַס, אָדער זי באַהאַלט זיך אונטער דער מאַסקע פון סבלנות און שוץ.

באַראַבעוועט צו ווערן אַלס איד, אָדער אַלס אַזעלכער זיך נויטיקן אין שוץ — אַלץ איינס איז אַ חרפּה און שווער פאַר די מענטשלעכע געפילן פון דעם איד."

„אַזוי ווי דער איד איז אין ערגעץ ניט אין דער היים און אין ערגעץ אַנערקענט מען אים ניט פאַר אַ תושב, — בלייבט ער אומעטום אַ פרעמ־דער, דאָס וואָס ער אַליין, וואָס זיינע אבות זיינען געבוירן אין דעם לאַנד ענדערט גאָרניט די עצם זאַך. דאָס רוב באַהאַנדלט מען אים ווי אַ שטיפ־קינד, אין בעסטן פאַל, ווי אַ פרעמד אויפגעהאָדעוועט קינד, וואָס זיינע רעכט לאָזן זיך פאַרבויגן, און קיינמאָל ניט — ווי אַ געזעצלעך קינד פון לאַנד."

„דאָס איינציקע ריכטיקע מיטל דערצו וואָלט געווען צו שאַפן אַ אי־דישע נאַציאָנאַליטעט, אַ פאָלק אויף אַן אייגענער טעריטאָריע, די אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע פון אידן. דאָס אויסגלייכן זיי אַלס פאָלק מיט די אַנדערע פעלקער, דורך דערוווערבן אַן אייגענע היים."

„כדי מיר זאָלן ניט געצוואונגען זיין איבערצוגיין פון איין גלות אין צווייטן, מוזן מיר האָבן אַ געגנט ברוחדיקע היים, וועלכע זאָל קאָנען דער־נערן די באַפעלקערונג, אַ זאַמל־פונקט וועלכער זאָל ווערן אונזער אייגנ־טום."

הערצל שרייבט אין זיין בוך „ד ע ר א י ד נ ש ט א ט" אינעם יאָר 1895:

„די אידנפראַגע עקזיסטירט. עס וואָלט געווען נאַריש עס אָפּצולייי־קענען. דאָס איז אַ פאַרשלעפּטע קרענק פון מיטלאַלטער, פון וועלכער די קולטור־פעלקער, ביי זייער בעסטן ווילן, קאָנען נאָך עד־היום ניט פטור ווערן. דעם איידעלן ווילן צייגן זיי אפילו, דערמיט וואָס זיי עמאַנציפּירן אונז. די אידנפראַגע עקזיסטירט אָבער איבעראַל, וואו עס געפינט זיך אַ גרעסערע צאָל אידן. דאָרט וואו זי איז ניטאָ וועט זי אַריינגעשלעפּט ווערן דורך איינגעוואַנדערטע אידן. מיר גייען נאַטירלעך אהין וואו מען פאַר־פאָלגט ניט קיין אידן: דורך אונזער דערשיינען אַנטשטייט דאָן די פאַר־פאָלגונג. דאָס איז אמת און מוז פאַרבלייבן אַן אמת איבעראַל, אפילו אין

די פּאַרטנגעשריטענע לענדער, כל זמן די אידן־פראַגע וועט נים פּאָליטיש געלייזט ווערן. אַ באַווייז דערפאַר איז פראַנקרייך. די אָרימע אידן פירן איצט דעם אַנטיסעמיטיזם קיין ענגלאַנד. קיין אַמעריקע האָבן זיי אים שוין געבראַכט."

„די אידנפראַגע איז אַ נאַציאָנאַלע פראַגע, און אום זי צו לייזן, דאַרפן מיר פאַר אַלעמען פון איר מאַכן אַ וועלט־פראַגע, וואָס זאָל רעגולירט ווערן אין ראַט פון די קולטור־פעלקער."

„קיינער איז נים גענוג שטאַרק אָדער רייך, אום ער זאָל קאָנען אַ פאָלק אַריבערזעצן פון איין וואוינאָרט אויף אַ אַנדערן. דאָס קאָן נאָר טאָן אַן אידעע. די שטאַטס אידעע האָט אַזאַ כוח."

„זאָל מען נאָר געבן פאַר אונזער רעגירונג אַ שטיקל שטח אויף דער ערד, עס זאָל זיין גענוג פאַר אונזערע גערעכטע פאָלקס באַדערפעניש. דאָס איבעריקע וועלן מיר שוין אַליין באַזאָרגן."

*

די אידנפראַגע, איז אַ פּאָליטישער פּראָבלעם, וואָס קאָן אויך נאָר מיט פּאָליטישע מיטלען געלייזט ווערן.

די אידנפראַגע, איז אַ וועלט פראַגע, צו איר לייזונג מוזן די גרויס־מאַכטן פון דער וועלט זייער ביישטײַער צולייגן.

די אידנפראַגע, קאָן אויך נים מיט פילאַנטראָפּישע מעטאָדן דער־לייכטערט ווערן. דאָס האָט שוין הרצל באַם אָנהויב פון זיין פּאָליטישן קורס, גאַנץ בפירוש געבראַכט צום אויסדרוק.

אַלע באַמיאונגען, פרואוון און שטרעבונגען פון פילאַנטראָפּישן כאַראַק־טער, זיינען איצט נים מער ווי אויפגעבלאָזענער זייפן־שוים, מען קאָן נים לייזן די נויט פון זעקס מיליאָן מענטשן מיט קיין הילפס־קאַמפּיינען, און דער אויפבוי פון אַ מלוכה קאָן נים דערגרייכט ווערן, בלייבנדיק אָפּהענ־גיק דורך געזאַמלטע ביישטראָגן, אויסגעשטעלט אויף דער ליבנסווירדיקייט און אָפענער האַנט פון יחידים. דאָס מוז מיט דער הילף פון אַ רעגולערן פינאַנצוועזן און רעגלמעסיקן סיסטעם אויסגעווירקט ווערן.

אָנעמענדיק די דאָזיקע לעבעדיקע פאַקטן, בלייבט אונז נאָר איין מעג־לעכקייט די אידנפראַגע, וועלכע איז אַ פּאָליטישע מיט פּאָליטישע מיטלען צו לייזן, באַדינענדיק זיך פאַר דעם מיט יענע עקאָנאָמישע גרונט פרינציפּן, וואָס זיינען מאַסגעבנד, פאַרן לעבן און אויפבוי פון יעדער מלוכה־וועזן.

# פאַרוואָס נייע וועגן?

אין דער איצטיקער נויט־לאַגע פון אונזער פאָלק, דאַרף יעדער דענ־קענדער איד, ווידמען זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע, ווי אַזוי מען קאָן דערגרייכן אַ בעסערונג פון אונזער סיטואַציע. די צייט האָט אונז געלערנט, אַז אַ טיילווייזע לייזונג איז אומעגלעך. מיר מוזן, ווי אומאַנגענעם און שווער דאָס זאָל אונז ניט זיין, באַטראַכטן דאָס פראָבלעם אַלס איין גאַנצעס, און פרואוון עס צו לייזן.

אונזערע חז״ל זעען פאַר דעם חבלי משיח צייט־אַלטער, אַלס עפּאָכע פון פאַרוויסטונג און צעשטערונג, פון פאַרווירונג אין באַגריף און געפיל, וואָס דערגרייכט ביז תהו ובהו. עס איז אַ פאַקט, אַז ערשט נאָך זייער אַן האַרטן נסיון וועלן די אידן קוים פועלן בא זיך, אויפצוגעבן זייער האָב און גוטס און ארויסווייזן אומצופרידנקייט מיט זייער לאַגע, בא די אומות העולם, אַף דעם וועלן זיי ערשט נאָך אומענדלעכע יסורים גרייט זיין און ערשט דאַן, וועלן זיי איינשטעלן זייערע כוחות און פאַרמעגן, כדי צו וואַגן אַף עפּעס נייעס. ערשט נאָך שווערע גורל־קלעפּ, וועלן זיי איינגיין אָנצושליסן זיך אין דער קומענדיקער אידישער פאָלקס געמיינשאַפט, און דעם גרונט־פרינציפּ „איינער פאַר אַלע — אַלע פאַר איינעם״ דורכצופירן אין בעסטן זינען פון דאָזיקן וואָרט.

אַפילו באַם גרעסטן אָפּטימיזם, און באַנוצנדיק די העלסטע פאַרבן, מוז מען איצט צוגעבן, אַז מיר האָבן שוין מער ווי גענוג אַריבערגעטראָגן נויט, אומעט און יסורים, דערנידעריקונג און אַנטווירדיקונג. אַזוי אַרום, מוז זיך יעדער איינער דורכדרינגען מיטן געדאַנק, אַז נאָר דורך אַ גרינט־לעכער לייזונג, קאָן קומען די רעטונג.

בעת מיר ווערן באַם רוב פעלקער סוף כל סוף פון יעדער אָנשפּאַר צור־ריקגעשטויסן, און ווען מיר וועלן זיך ניט מאַכן קיין שום אילוזיעס, וועט זיך אין אונזערע רייען איינהייטלעך דורכזעצן די מיינונג ענדלעך גובר צו זיין דעם אייביקן גלות. דער איבערצייגסטער „אַסימיליאַנט״, מוז בעל

ברחו צוגעבן, אז עס איז איצט ניטאָ קיין שום אנדער לייזונגס־מעגלעכקייט. אצינד, בעת עס ווערן באטראכט אלס אידן, אפילו אזעלכע, וואָס האָבן זייט צוויי און דריי דורות זיך אָפּגעריסן פון אידנטום אויסערלעך און אי־נערלעך און זיי ווערן ווי שווערע פאַרברעכער אָדער מצורעים באהאנדלט, באַדאַרף זיך יעדער איינער איבערצייגן, אז עס מוזן געפונען ווערן נייע וועגן.

אין דאָזיקן שרעקלעכן קריג, מוז יעדערער ברענגען קרבנות. די צייט פון די אויבער־חכמים צו שיקן די אנדערע אַף קרבנות, איז שוין אַנט־גילטיק פאַרביי. יעדערער מוז שטיין אַפן פראָנט, יעדערער מוז זיין צו־געגרייט, ווען ניט, וועט עס אלעס פאַרלירן.

עס איז מיר גאָרניט אנגענעם, זייט 20 יאָר, מיט מיין אור־אידישן אָפּטימיזם, כסדר דעם טיפסטן פעסימיזם־אויסדרוק ארויסצוטראָגן, אָבער איך וויל ווייניקסטנס פּרוּאוון, דורך אָפענער באטראכטונג, מיינע ברידער סוף כל סוף צו נאָכטראכטן און צו אקטיוויטעט באוועגן. דאָס איז זיכער ניט קיין באטעמטע מלאכה. מיר וועלן אָבער נאָר דאַן האָבן דערפאָלג, ווען מיר וועלן צוגעגרייט זיין. איך וויל ניט בלויז קריטיקירן, נאָר אויך נייע און באטרעטבארע וועגן אָנצואווייזן חפזון איז א נויטווענדיקייט און אגב, וואָס שפעטער מיר וועלן אָנפאנגען, אלץ גרעסער וועלן ווערן די שוועריקייטן, אלץ צאָלרייכער די קרבנות, און אלץ קלענער וועלן זיין די דערפאָלגן.

צו די נאציאָנאלע פירער, צו די פילאנטראָפּן און צו די עגאָיסטן איז געריכטעט מיין קריטיק און מיין אפעל. די מאסע, איז בא אונז אויך ניט ערגער און ניט בעסער ווי בא אנדערע פעלקער. די מאסע ווערט נאָר אין א רעגולערן מלוכה־וועזן, אין צוים געהאלטן, זי דערפילט גוט אָדער שלעכט אירע פליכטן. מיר זיינען חוץ מיט אונזערע זאָרגן נאָך באלאסטעט מיט די אלגעמיינע פּראָבלעמען פון אונזערע גאסטלענדער.

די ציוניסטישע פירונג קלאמערט זיך נאָך, טראָץ אירע אלע צאָלריי־כע דורכפאלן, אין דער מאכט, איז פאַרפלאָנטערט מיט די אלטע דאָגמעס און שטויסט אוועק דעריבער פאנאטיש יעדער איינציקע, נייע און באזישע לייזונג. דאָס לאנד פון אונזערע אבות, איז מיר פונקט אזוי הייליק, ווי

דעם העכסטן פּאַרטיי־באַאַמטן, אָבער חוץ דעם, האַלט איך, אַז עקאָנאָ־מיע, איז פאַרן לעבן פיל וויכטיקער, ווי געאָגראַפיע.

די פילאַנטראָפּן באַמערקן ניט ליידער, אַז דאָס אַלץ, וואָס זיי טוען, איז ניט מער ווי איין טראָפּן אפן הייסן שטיין, און אַז אפילו בא דער בעסטער אָרגאַניזאַציע איז עס בלויז איין ברוכטייל פונעם געבראַכטן קרבן, וואָס וועט דערפירט ווערן צו זיין באַשטימונגס צוועק. פילאַנטראָפּיע, קאָן אפשר לינדערן אַ לאָקאַלע נויט, אַ פאָלקס־נויט, מוז אָבער אפן פּאָליטישן וועג און ניט אפן פילאַנטראָפּישן געלייזט ווערן.

די עגאָיסטן זיינען צו פחדנותדיק וועגן דעם צו טראַכטן, אַז מאָרגן, קאָן אויך זייער שעה שלאָגן. ווען אַ הויז צינדט זיך אָן, ווערט אַלץ פאַר־ניכטעט, און אין שיפסברוך, קאָנען אויך די עכברושים, כאָטש זיי פאַרלאָזן די שיף, זיך ניט ראַטעווען.

אַצינד, בעת אין אזא ענגלאַנד ווערט גערעדט וועגן אַ שטייער פון 97 אַ האַלבן פּראָצענט, איז קיין שום קאָנסערווירונג פון קאַפּיטאַלן און נאָך ווייניקער קאַפּיטאַליזירונג מער ניט מעגלעך. ווי אַזוי און פון וועמען די קאַפּיטאַלן, זאָלן אָפּגעשטייערט ווערן איז בלויז די פראַגע אָבער, אַז עס וועט אוועקגענומען ווערן איז גאָר קיין פראַגע ניט. אינדיווידועל קאָן זיך שוין קיינער מער ניט ראַטעווען, אַלס פאָלק, אָדער פאָלקס־גרופּע, איז דאַקעגן נאָך היינט די מעגלעכקייט פאַראַן.

נאָכן איצטיקן חורבן, וועלן זיכער ניט בלויז פּאָליטישע, נאָר אויך פּריוואַט־עקאָנאָמישע ענדערונגען אַריינטרעטן. ווייל די קאַפּיטאַליסטישע און נאַציאָנאַליסטישע ווירטשאַפטס־אָרדענונג, איז צוליבן עגאָיזם, ניט אומשטאַנד געווען צו באַוואָרענען דער מענטשהייט פון די זיך פּעריאָדיש ווידערהאָלנדיקע מאַסן־אויסשלאַכטונגען און דער פאַרניכטונג פון די גי־טער, איז זי שוין רייף צו פאַרשווינדן. צוזאַמען מיט דעם וועלן אויך ליק־ווידירט ווערן, בא דעם איצטיקן צוזאַמענברוך, די פּריווילעגיעס פון די באַאַמטע און פּאָליטיקער. מיר האָבן אודאי ניט קיין שום סיבות צו באַווײ־נען די דאָזיקע אויסוויקלונג.

מיר האָפן אַז די פּאָליטישע פרייהייט און דאָס מענטשן־רעכט, וועלן אין דער צוקונפט ניט זיין קיין פוסטע וואָרט־טערמינען. גאַנץ וואַרשיינ־ליך, וועט אומעטום איינגעפירט ווערן אַ פאַרמלוכהשטער ווירטשאַפט־

פּלאַן; און עס איז נאָך גאַנץ אומקלאָר וועלכע וועט זיין די צאָל פון די אידן אין אָט דער פאַרסמטער אַטמאָספער; זיי וועלן אודאי באַקומען די ערגסטע פּאָזיציעס. עס קאָן ניט זיין ווינטשנסווערט, במשך פון די נאָענט־סטע 50 ביז 100 יאָר, ווי לאַנג דער דאָזיקער גיפט פונעם האַס וועט נאָכ־ווירקן, צו פאַרטראָגן די פאַראַכטונג און דעקלאַסירונג אַלס לעבנס־תנאי.

בעקאָן זאָגט: די פאַנאַטיקער ווילן ניט, די שוטים קאָנען ניט און די פּחדנים געטרויען זיך ניט צו דענקען.

עס דאַרף אָנגענומען ווערן, אַז קיין שום ווירדיקער איד, וויל אין אַזא גרופּע ניט אַריינפאַלן. לאָמיר דענקען געמיינזאַם, איידער עס ווערט צו שפּעט. קיינער קאָן ניט און וועט ניט קאָנען אויסמיידן זיין אידישן גורל. וועלן מיר דענקען און האַנדלען געמיינזאַם פאַר אונזער פאָלק, דאַן ראַ־טעווען מיר אויך זיך גופא.

# אייניקייט איז נויטיק.

איידער מען הייבט איצט אָן באַראַטונגען אָדער פאַרהאַנדלונגען וועגן דער לייזונג פון דער אידנפראַגע, מוז מען מאַכן דעם פּרואוו, סוף כל סוף איינצושטעלן די אינעווייניקסטע אייניקייט און פאַרשטענדיקונג, צווישן די פאַרשידענע אידישע גרופּן. אפשר וועט עס לייכטער זיין צו באַקומען פון נאָרד אַמעריקע אַ מיליאַרדן־הלוואה אָדער צוזאָגן פון גרויס בריטאַניע אַף אַ נייעם אָדער ווייטגייענדיקערן מאַנדאַט, ווען די אַלע שטרייטנדיקע און חלוקי־דעותדיקע, עסענציעלע אידישע כוחות גופא, וועלן אין דער רגע פון דער העכסטער סכנה, בעת איבער אַ מיליאָן אייראָפּעאישע אידן זיינען באַרבאַריש אויסגעהרגעט געוואָרן, זיך מאָביליזירן לשם זייער אייגענער רעטונג, פאַר געמיינזאַמער אַרבעט. אַלע באַמיאונגען דורכצוזעצן די דאָזיקע אינעווייניקסטע פאַרשטענדיקונג, אַפּן גרונט פון אַ געמיינזאַמער מינימום־פּראָגראַם, האָבן ביז איצט ניט געהאַט קיין שום דערפאָלג. די דראָענדיקע סכנה באַשטייט אין דעם, וואָס אינעם מאָמענט פון די שלום־אונטערהאַנדלונגען וועט די פאַרשטענדיקונג כלפּי פנים נאָך ניט זיין איינגעשטעלט, און ווידער וועט זיך איבערחזרן די טרויעריקע סצענע, ווי עס האָט זיך אָפּגעשפּילט באַ פאַרשידענע אַנדערע קאָנפערענצן, פונקט ווי לעצטנס אין עוויאַן, וואוהין עס זיינען געקומען לערך 30 אידישע דעלעגאַציעס, און יעדעס איינציקע פון זיי, האָט געטענהט, אַז זי אַליין איז די באַרופענע פאַרטרעטערין פון אידישן פאָלק. עס קאָן אויך קיין שום ספק ניט זיין, אַז די צאָלרייכע פּרעזידענטן, וויצע־פּרעזידענטן, סעקרעטאַרן וכדומה געצאָלטע באַאמטע, וועלן אין שרעק צו פאַרלירן זייערע פּאָסטנס און פּאָסטנדלעך, אָוועקשטעלן אנטשיידנדיקע מכשולים פאַרן איינשטעלן די פאַרשטענדיקונג. און דאָך איז עס, איינס פון די צענטראַלע נויטווענדיקייטן, דורכצוזעצן די דאָזיקע פאַרשטענדיקונג פאַר אַ מינימום־פּראָגראַם, ווייל באַ אַזאַ אומגעהויערן פאַרנעם פון אונזער נויט, קאָן נאָר די צוזאַמענגיסונג פון אַלע אונזערע כוחות, געבן אַן אויסזיכט אַף אַ דערפאָלגרייכער פּאָליטישער הילף, און אַ בעסערונג פון אידישן עתיד.

די העכסטע מאָס פון מענטשלעכקייט, איז די לערע פון אונזער תורה. נאָך ביזן היינטיקן טאָג ווערט אונזער תנ"ך אָנגערופן „דאָס ספר הספרים" און ווען עס געפינען זיך נאָך אידן, וואָס זוכן צו פארמיאוסן די דאָזיקע געטלעכע לערע, מערקן זיי גאָרנישט, ווי זיי גופא שטעלן זיך אויס אף ליי־מיש געלעכטער. ווייל וואָס איז דען אידנטום: אידנטום איז אידעאָלאָגיע — אידעאָלאָגיע פונעם אמת, און פונקט ווי דער אמת קאָן זיך ניט אסי־מילירן, אזוי קאָן זיך ניט אסימילירן דאָס אידנטום. מען קאָן די מיט־מענ־טשן מדריך זיין צום אמת, אָבער דעם אמת פארוואַרפן אָדער אָפּצוגיגן פון אים, איז ניט עפּעס אנדערש ווי אים לאָזן פארלאָרן גיין.

טאָקע נאָר די ריינקייט פון אונזער אידעע, דאָס געטלעכע, דאָס אבס־טראַקטע, האָט דערפירט צו דעם, אז מיר זענען דאָס אייביקע פאָלק און מיר לעבן, טראָץ אלע פארפאָלגונגען — און טאָקע נאָר דאָס וועט אונז באווירקן, אז מיר זאָלן אויך אף ווייטער האָבן א קיום. זייט 2.000 יאָר באמיען מיר זיך איבערצוגיסן אין מעשים אונזער לערע. אודאי אנט־וויקלט זיך די וועלט אויך ווייטער און שטרעבט צו העכערע צילן — אָבער דער וועג צו א ריינערער עטיק איז דער וועג פון אונזערע יסורים. קיין שום פאָלק אף דער ערד האָט ניט געגעבן דער מענטשהייט אזויפיל מארטירער פארן אמת, און גרייטקייט צו גיין אפן טויט, פאר דער איבערצייגונג, ווי מיר. ווייל עד היום ווערט נאָך דאָס אידעאליסטישע אף דער ערד אונ־טעריאָכט דורכן מאטעריעלן, און א גהינום איז דאָס לעבן פון די אמת־קעמפער. תמיד, ווען דער מאטעריאליזם באקומט די ממשלה, רוקט מען ארויס אף אים גובר צו זיין די יעניקע, וואָס קעמפן אנטשלאָסן פאר אן אידעאל.

דער אמת איז אָבער ניט בלויז אונזער לעבנס־יסוד. נאָר ער איז אויך פון דער גאנצער מענטשהייט. מיר זיינען טאָקע דאָס אויסדערוויילט פאָלק, אָבער ניט דערפאר, ווייל מיר ווילן עס אזוי, נאָר ווייל אונזער באשטימונג איז צו לעבן לשם דעם אמת און גערעכטיקייט. נויגן מיר אוועק פון דאָ־זיקן גרונט־תנאי, דאַן פאָלגט נאָך אין איר לאָגישער אנטוויקלונג די הער־שאפט פונעם שקר און אומגערעכטיקייט. מיט רעכט האָט יענער גרויסער שטאַטסמאַן ווען דעם אָנגעוויזן, אז יעדעם פאָלק באקומט דעם גורל, וואָס עס האָט פאר זיינע אידן אָנגעגרייט. אלס פועל יוצא פון טעכנישן פאָר־

שריט און פונעם פארקער. מוז מען די דאָזיקע הנחה דערפירן צום געדאַנק, אַז היינט ליידט די גאַנצע מענטשהייט ווען מען דולדעט אפילו נאָר אין איין לאַנד אידן־פאַרפאָלגונגען. נאָך דער אינטערנאַציאָנאַלקייט פון עגאָיזם פונעם 1918־1938. מוז די וועלט בעל כרחו איבערלעבן די איצטיקע אַנט־וויקלונג פון דער „קולטור".

מען וואַרפט מיר פאָר. אַז איך זאָג צו האַרטע אמתן. עס איז קיין שום בושה ניט צו זאָגן דעם אמת, אַ בושה איז אָבער אים אָראָפּצוקוועטשן. וואָלטן מיר נאָר כאָטש אביסעלע צוריקגעקוקט צו דער לערע פון אונזערע גדולים, ווי לייכט וואָלט עס אונז אָנגעקומען דערגיין צו אַ לייזונג פאַר אונז גופא. דאָס מוזן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, צוערשט טאָן אונזערע פירער, ווייל כדי צו באַקומען רעספּעקט, מוזן מיר קודם כל זיך אַליין רעס־פּעקטירן. געזעץ־געבער און רשות־פירער, זיינען מחויב דאָס רשות פונעם געזעץ אויך פאַר זיך גופא צו אַנערקענען. אידן. וואָס לעבן פון אידיש געלט, אינסטיטוציעס וואָס האַלטן זיך פאַר אידישע, מוזן ערלאַך האַלטן די אידישע לערע, ווייל אין קעגנטייל פאַרלירן זיי זייער גרונט־תנאי און בלייבן אַן מאָראַל: דאַן ווערן זיי קאָמעדיאַנטן און האָבן ניט קיין שום יסוד.

גרויסע דעמאָקראַטיעס זיינען צו גרונט געגאַנגען, ווייל זייערע שומ־רים, געזעצגעבער און אינסטיטוציעס, זיינען געווען, וואָס נאָר איר ווילט אַליין, נאָר ניט קיין דעמאָקראַטיעס. ווערטער, אַפילו די שענסטע, בלייבן פוסט און אַן ממשות, ווען די מעשים פאָלגן ניט נאָך.

עס איז אויך אַ בייז־וואונדער. ווי שנעל עס ווערן אָנגענומען פע־לערן אין אונזער סביבה, ווי שנעל מיר האָבן די אויספירן פון אונזערע פאַרצייטיקע און שפּעטערע נביאים פאַרגעסן אָדער ניט באַנומען, ווי לייכט מיר האָבן די פירערשאַפט איבערגעלאָזן פאַרן פאַרטיי־באַאמטן, כאָטש מיר דאַרפן זיך געבן חשבון אַז כמעט אַלע דעמאָקראַטיעס זיינען באַם דאָ־זיקן פעלער נכשל געוואָרן. אודאי איז באַאמטנשאַפט, אַ נויטווענדיקייט, אָבער ביוראָקראַטיע איז אַן איבל. אין ערגעץ און קיינמאָל דאַרף מען די פירערשאַפט די באַאמטע איבערגעבן. מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז באַאמ־טע זיינען אויך מענטשן, און עס איז אויך זייערע מענטשלעך, אַז זיי זאָלן קודם כל פאַרטיידיקן זייערע אייגענע אינטערעסן.

אונזערע פאראנטוואָרטלעכע פירער, זיינען באַגאַנגען אַ גרויסן פע־לער, וואָס זיי האָבן ניט פארשטאַנען ווי אַזוי אויפצוהאַלטן אינעם פאָלק דאָס געפיל, אַז דער גלות איז שוין אונז גענוג איבערדריסיק. ווען וועלן שוין אַמענדע די אייביקע וועלט־צורעכטמאַכער פארשווינדן פון אונזער סביבה.

פונקט אַזוי פאַלש איז דורכצופירן אונטער אידישע נאָקלעיקעס הילפס־אַקציעס פאר דעמאָקראַטיע און פאַטריאָטישע אַקטן, אָן אַ ווירקלע־כער פאַרזיכערונג פון אונזערע רעכטן. אידיש געלט נעמט מען, אין פּליי־צע קלאַפּט מען אונז, אָבער דער איד בלייבט נאָכאַלעמען ווי אַ יורד. מיר דאַרפן זיין שותפים, אָבער ניט קיין בעטלערס.

געוויס איז ניט בנמצא, חוץ די בינעזער מיט זייער אוראַלטער קול־טור, קיין שום אומה, קיין שום פאָלק, וואָס זאָל אַזויפיל איבערלעבן און קאָנען אַזויפיל איבערטראָגן ווי מיר, אָבער עס איז שוין גענוג, תמיד און כסדר רק פאַרהערלעכן אונזער מעלה פון קאָנען אריבערטראָגן צרות און גלייכצייטיק אינדוסטריאַליזירן אונזער באַרמהאַרציקייט. זעט מען דען ניט, אַז היינט איז פילאַנטראָפּיע שוין מער קיין לייזונג ניט? פריער זיי־נען געווען העכסטנס 20 פּראָצענט פון אונזער פאָלק אָנגעוויזן אויף אונ־טערשטיצונג. היינט זיינען העכסטנס 20 פראָצענט ביכולת צו געבן עט־וואָס.

מיר האָבן שוין גענוג אויסצושטיין פון דער שלוחים־פּלאָג, און עס קריכט שוין פון האַלז, ווידעראַמאָל און אבעראַמאָל צו הערן דאָס ליד וועגן אונזערע ליידן און נויטן. אויב אונזערע איצטיקע פירער, קאָנען ניט אריינטראָגן קיין נייעס, מעגן זיי זיך צוריקציען. די טויגענישטן האָבן פאַר־שטאַנען הרצלען און זשאַבאָטינסקין אין דער ערד אריין צו לייגן, אָבער זיי אַליין האָבן קיין שום לייזונג ניט געקאָנט ברענגען. אַ האַנדלס אונ־טערנעמונג זאָגט אָפּ אירע אומפּעאיקע באַאַמטע, אָבער אונזערע באַאַמטנ־פירער גראַטולירן זיך אַליין, און זיי באַוואונדערן דעם לעבנס־כוח פון פאָלק, וואָס לעבט נאָך אַלץ, טראָץ די פעלערן פון זייערע באַאַמטע, גלייכ־צייטיק ווי זיי באַוואונדערן די סבלנות פון פאָלק, וואָס טראָץ אַזויפיל אומגליקן האָט מען זיי נאָך אַלץ ניט געוויזן די טיר. מיר קאָנען די אומ־געלומפּערטע אַרבעט דאָהי פון דער נאָענט באַטראַכטן, מוזנדיק מיט טיפן באַדויערן פעסטשטעלן, אַז עס האָט אומעטום דעם זעלבן פּנים.

אונזער פאָלק ליידט ווי קיינמאָל נאָך, אָבער דערביי אינדוסטריאַלי־זירט מען די נויט, און מען קלאַמערט זיך אין דער „מאַכט". איין אָרגאַני־זאַציע יאָגט איבער און לויפט פאַזע אַ צווייטער, ווייל נאָר אַזוי קאָנען זיך מפרנס זיין אַלע מער און מער באַאמטע פון דער פאָלקס נויט. אַן אמתע פלאָג פון שלוחים פאַרפלייצט אונז, יעדערער וויל אַ גוטן שניט, אָבער קיינער באַט ניט אָן קיין האָפענונג, שטאַרקונג אָדער אידעאַלן. מיר האָבן ניט בלויז געלעגנהייטס־שלוחים, נאָר מיר האָבן דורכן קריג אויך שטענדיקע. די פראַגע איז נאָר, צי טראָגט די דאָזיקע אַרבעטס־פאָרם ביי צו דער ליזונג פון אונזער נויט? אונזערע פּאָזיטיווע אידישע אידעאַלן מוזן ווידער אַרויפגעבראַכט ווערן. אַלע שעפערישע כוחות פון אוראַלטן, פּאָזיטיוון אידנטום און דער מאַקסימאַלער, רעוויזיאָניסטישער ציוניזם, מוזן זיך צוזאַמענקומען, מוזן אַרבעטן פאַר דער אידישער אייניקייט.

אַוועק מיטן אומפעאיקן, אַוועק מיטן דאָזיקן אינעם ציוניזם, וואָס באַשטייט נאָר אינעם „שנאָרן", מיט דעם וועלט־צורעכטמאַכער, מיטן פּי־לאַנטראָפּישן, אַוועק מיטן גלות־גייסט פון אייביקן קליאַנטשען און בעטלען.

מיר מוזן אויך נעמען פאַר אַ כּלל, אַז אַ אידישער מנהיג, זאָל ניט אין דער זעלבער צייט די אינטערעסן פון אַנדערע לענדער אין זינען האָבן, ער מוז האָבן דעם מוט אַלץ פון אידישן קוק־ווינקל צו באַטראַכטן און האָט ניט פאַר עפּעס אַנדערש צו זאָרגן, נאָר אויסשליסלעך פאַר זיין ליידנדיקן פאָלק.

די דאָזיקע הנחה, האָבן הרצל און פּינסקער באַנייט און גאַנץ בפּי־רוש אויסגעדריקט, און גראַד די דאָזיקע ביידע וועגווייזער פון מאָדערנעם ציוניזם קומען זיך תּמיד צונויף אַפן דאָזיקן פּונקט, אין זייערע פאָדערונ־גען און פּאָליטישע אַקציעס, צו ראַטעווען דאָס אידישע פאָלק פון זיין נויט־לאַגע.

פונדעסטוועגן מוזן אויך מיר פרעגן, וואו ליגט דער וועג פאַר רעטונג פונעם פאָלק פון זיין עלנט? די פּראַגע זאָגט שוין ניט מער, צי דאָס פאָלק וויל גיין, נאָר בלויז וואוהין קאָן עס גיין. נאָר דער וואָס קאָן אַף דער דאָ־זיקער פראַגע געבן אַ פּאָזיטיוון ענטפער דאַרף האָבן דאָס רעכט פאַר זיך צו פאָדערן די פירערשאַפט.

## דאָס באַרירט אונז אַלעמען!

עס טאָר זיך היינט ניט געפינען קיין שום איד, וואָס זאָל זיך ניט באַשעפטיקן און אַריינדרינגען אין דער אידנפראַגע. אָן שום ספק זיינען פאַראַן אין יעדער פאָלק גלייכגילטיקע, אָבער אין אַזעלכע צייטן איז גלייכגילטיקייט קעגנאיבער אייגענעם גורל און קעגן אייגענעם פאָלק פאַרדאַמונגסווערט, ווייל מיר זיינען גראַד צוליבן פעלן פון אַ מלוכה־צוואַנג, און צוליב דער אומבאַשרייבלעכער סיטואַציע אין אייראָפּע, אָנגעוויזן אַף דער מיטאַרבעט פון יעדער יחיד.

## מעגן מיר זיך פאַרטראַכטן?

מיר, אידן, זיינען אָדער וואָלטן וויניקסטנס געמעגט זיין דאָס פאָלק פון דענקער. מיר ווערן דערצו געצוואונגען דורך אונזער לאַגע אַלס מינדערהייט.

די אַסימילאַציע האָט געוואָלט באַווייזן, אַז מיר זיינען ניט קיין שום מינדערהייט. דאָס אויסטשוכען זיך דורכן היטלעריזם איז שוין געווען גאָר ניט קיין גלעטנדיקע. אין אונגאַרן איז געפירט געוואָרן דער קאַמף קעגן דער אידישער גלייכבאַרעכטיקייט מיטן נומערוס קלאַוזוס געזעץ; מחמת גרוים דרך ארץ פאַרן שררה, ניט בלויז דעם שררה פון לאַנד אַליין, האָט מען זיך געפילט אַביסל אומבאַקוועם אין דער נייער לאַגע, ניט פאַרשטייענדיק אָבער דעם ערנסט פון דער דאָזיקער סיטואַציע; מען איז געצוואונגען געווען נאָכצודענקען, אָבער ווער האָט עס געדאַרפט טראַכטן. ענלעך איז געווען לאַגע אין גאַנץ מערב אייראָפּע, אפשר אין דער גאַנצער וועלט.

און ניט בלויז מיט אונז אידן איז עס אַזוי געשען, אויך די אַנדערע פעלקער, האָבן געלעבט אָן אידעאַלן. די גוטע ווירטשאַפטסלאַגע פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג, האָט געבראַכט מיט זיך אַ גייסטיקע שלעפעריקייט,

האָט מען גאַנץ פּשוט ניט נויטיק געהאַט צו דענקען. די מענטשהייט האָט פאַרגעסן, אַז זי האָט זיך אונטערגעשיידט פון דער חיה, נאָר דורכן נאָכ־דענקען. דאָס איינציקע און אייביק מענטשלעכע, זיינען די עטישע האַנד־לונגען, זיי באַוועגן אָבער צו דענקען. דאָס רוב שיינע געדאַנקען בלייבן ליידער בלויז געדאַנקען, ווייל אַפילו די ווייניקע וואָס האָבן יאָ גע־טראַכט האָבן ניט געפּועלט באַ זיך צו שטעלן נאָך אַ שריט: צו האַנדלען. און אַזוי אַרום האָט עס געמוזט קומען צום ערשטן וועלט־קריג.

אונז אידן איז עס געגאַנגען אַפן זעלבן אופן. פאַרן ערשטן קריג איז אויך געווען אַן אַנטיסעמיטיזם; פיל אידישע דענקער האָבן דערויף אָנגע־וויזן, און הרצל האָט געפּראוואוט בחנם אויפצורודערן דעם געוויסן באַ אידן.

עס איז פאַרזאַמט געוואָרן דער מאָמענט, ווען מען האָט מיט עטלעכע טויזנט פונט, געקאָנט דערווערבן גרויסע לענדערייען מיט ממשלה־רעכט — ווייל מען האָט עס געהאַלטן אַלס פאַרהעלטנישמעסיק גוט — אַביסעלע פּאָגראָם, אַביסעלע דרייפוס־אַפערע, אַביסעלע טיסאַעסלאַר, אַביסל העצ־געזאַנגען— דאָס איז גאָרניט אַזוי שלעכט. פאַרוואָס דען טראַכטן, עס איז דאָך אַזוי באַקוועם ניט צו מוזן דענקען, כדי דאַן ניט צו דאַרפן טאָן מעשים. דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיך סאַלאָנמעסיק אָפּגעשפּילט, וואָלט מען ניט באַמערקט. דער פּאָגראָם, דאָס איז שוין ווידער עפּעס אַנ־דערש, אָבער נאָר באַ באַרבאַרן טרעפט עס, און דערפאַר זאָל מען זיך ניט אויפרעגן; דאָס איז גאָרניט סאַלאָנמעסיק. מען אָרגאַניזירט אַ לאָקאַלע הילף און מען פאַרגעסט גיך די קרבנות. נאָכן וועלט־קריג, האָט די יוגנט פאַרלאָרן אַלע אידעאַלן, די מענטשהייט האָט זיך אַנטוויקלט נאָר אַפן טעכנישן געביט. אַפן מענטשלעכן זיינען געווען צו פאַרצייכענען נאָר צו־ריקשריט. אַלץ איז געווען אויסגעהוילט און אַף שקר געבויט, אַזוי אַרום האָט עס געמוזט קומען צום צווייטן וועלט־קריג. דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אויך אַנטוויקלט, און אַנשטאַט דעם עלעגאַנטן סאַלאָן־אַנטיסעמיטיזם, טרעפן מיר שוין אַ גוט אַנטוויקלטן חיהשן אַנטיסעמיטיזם. אָבער פּונקט אַזוי ווי די דעמאָקראַטיעס האָבן מיר אויך געהאַט ניט דערוואַקסענע פּאָ־ליטישע לייטער. די שיכטן וואָס האָבן ליקווידירט דעם ערשטן וועלט־קריג, זיינען אפשר געווען בראווע באַאַמטע און ווירדיקע הערן, אָבער פולשטענ־דיק אומפעאיקע. זיי זיינען געווען בכוח העכסטנס די עלעמענטן, וואָס

זיינען געווען פעאיק צו דענקען אפצושטויסן, אבי מען זאל קיינמאל ניט דארפן אויסטשוכען זיך פונעם זיסן חלום. עס זיינען אויפגעשוואומען גרויסארטיקע שלאגווערטער, די דעמאגאגיע האט געזיגט אומעטום. אויך בא אונז האבן געבליט ארגאניזאציעס, טעאריעס און שלאגווערטער. עס זיינען קאנגרעסן דורכגעפירט געווארן, באשלוסן אנגענומען, אבער עס האט נאכגעפאלגט א דורכפאל אויף א דורכפאל. קיינער פון די פאראנטווארטלעכע האט ניט געזאגט „ א י ך קאן עס ניט באנעמען", נאר „ מ ע ן קאן עס ניט באנעמען". דערמיט האט מען זיך באנוגנט, מען דארף ניט נאכדענקען. ווער עס דערוועגט זיך א ווארט צו זאגן, ווערט פון א קליינער, אבער פאראינטערעסירטער מינדערהייט שטום געמאכט, און די אמתע פאטריאטן די, וואס האבן געקאנט און געוואלט אפילו דענקען, די וואס זיינען אפילו געווען פעאיק צו מעשים, זיינען פארפאלגט, פאריאדעט און אומעגלעך געמאכט געווארן. בלויז דער „קאפ" זאל זיך דענקען און דאס זאל זיין די ארגאניזאציע. די ארגאניזאציע דארף האלטן דעם פארטיי־באשלוס, די פארטיי דעם קאנגרעס־באשלוס; קיין קאנגרעסן קאן מען איצט ניט פארופן. דאס וואס עס פאסירט אבער אן דעם קאנגרעס, דאס איז פאר דער ארגאניזאציע ניט געשען: אלזא, פוילן איז ניט באזעצט, אין רומעניע האט מען די אידן ניט דערמארדעט, אין רוסלאנד דארפן זיך די אידן נאך אלץ ניט דערקלערן אלס אידן, אין דרום־אמעריקע איז די איינוואנדערונג פריי און נארד־אמעריקע געפינט זיך נאך ניט אין קריג.

האבן אונזערע גרויסע פאליטיקער פונעם לעצטן קאנגרעס דאס אלץ פארויסגעזען און אנגענומען באשולסן וועגן דעם? די איינציקע באוועגונג, וואס האט די רעטונג פון אידישן פאלק פאר א ציל געשטעלט, איז איינגעגליווערט געווארן, אנשטאט לעבעדיק צו בלייבן. אנשטאט א לייזונג צו פאדערן, איז זי געהאמעוועט געווארן. היינט ווען שנעלע מעשים זיינען א געבאט, פרואווט מען די נייע אידייען אונטערצודריקן, און מען זעט ניט, אז דורכדעם ווערט די באוועגונג פארניכטעט. די וועלט איז ניט שטיין גע־בליבן זינט דעם לעצטן קאנגרעס. אנשטאט צו זוכן א לייזונג, וואס ציילט זיך מיט די נייע סיטואציעס, ווערט עס נאך געהאמעוועט. הארטנעקיק און שמאלקעפיק קלאמערט מען זיך אין די אלטע יסודות. אונזער לאגע האט

זיך פאַרערגערט צי דער קאָנגרעס באַשטעטיקט עס יאָ אָדער ניט. אויך אין דעם וועט מען זיך אויסטשוכען — ווען עס וועט שוין זיין צו שפּעט.

מיר מוזן אונטערן דרוק פונעם מאָמענט תיכף האַנדלען שלאַגפאַרטיק און שאַפן די פאַרבאַדינגונגען אַף צו קאָנען פירן אַ דערפאָלג־צוזאָגנדיקע פּאָליטיק. מיר מוזן פאַרלאַנגען, אַז מיט דער באַטייליקונג פון אַלע קרייזן, וואָס שטרעבן צו אַ קאָנסטרוקטיווער, נאַציאָנאַלער לייזונג פון דער אידן־פראַגע, זאָל געבלידעט ווערן אַן אחריותפולע פירערשאַפט. דאָס איז אַ פאַרנונפטיקע פאָדערונג. מיר מוזן סוף כל סוף דערוואַרטן, אַז אַלע קרייזן וועלן זיך ערנסט פאַרטראַכטן איבער אונזער גורל און דאָס, וואָס עס וועט געמיינזאַם באַשלאָסן ווערן, וועט אויך דורכגעפירט ווערן.

## שאַפט די צענטראַלע איניקייטס-אָרגאַניזאַציע

דאָס אידישע פאָלק איז אַן איינהייט; די אידישע נויט איז אַן אַלגע־מיינע דער נויטווענדיקסטער, אינערלעך־באַרעכטיקטער און פּאַרנונפטי־קער ענטפער אַף די דאָזיקע ביידע כללים איז: די שאַפונג פון אַ צענטראַ־לער אידישער איניקייטס־אָרגאַניזאַציע. אַלס די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע קומט אין באַטראַכט, מחמת פיל טעמים די א י ד י ש ע אַ ג ע נ ץ, זי איז היינט צומאָלס די איינציקע אידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פעל־קער־רעכטלעך אָנערקענט און דורך אינטערנאַציאָנאַלע הסכמות סאַנקציאָ־נירט געוואָרן.

דער אויפגאַבן־קרייז און צוזאַמענשטעל פון דער אידישער אַגענץ דאַרף אויסגעברייטערט ווערן. כדי דאָס צו דערגרייכן, איז עס אַן אויפגאַבע אין דער ערשטער ליניע, פון אַ פּוּלבּלוּטיקער אידישער אינערן־פּאָליטיק.

## די אידישע אַגענץ

## צוועק און אומדערפילטע אויפגאַבן

די גרינדונג פון דער אידישער אַגענץ האָט באַצוועקט צו לאָזן אָנ־טיילנעמען, אַף ווי ווייט מעגלעך, אַלע קרייזן פון אידנטום אינעם נאַציאָ־נאַלן אויפבוי־ווערק. אַזעלכע מענער ווי לואי מאַרשאַל, ד״ר סירוס אדלער, שופט אירווינג לעהמאַן און אַנדערע האָבן זיך דערביי אויסגערעדט אַוועק־צושטעלן די צוזאַמענאַרבעט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין די ראַמען פון דער געשאַפענער אידישער אַגענץ. און אַז אין דער אידישער אַגענץ, זאָלן ציוניסטן און ניט־ציוניסטן העלפט אַף העלפט (50:50) זיין פאַנאַנדערגעטיילט, און 40 פּראָצענט זאָל קומען די ניט־ציוניסטישע מאַנ־דאַטן פונעם נאָרדאַמעריקאַנער אידנטום.

די אידישע אגענץ, האָט ליידער קיינמאָל ניט געקאָנט ווירקן אינעם געפלאַנטן פאַרנעם, ווייל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט צו פרי געלייטעט פון פּאַרטיי־באַאַמטע, האָט מוראדיק געהאַמעוועט יעדער אַק־טיוויטעט פון דער אידישער אגענץ, אַזוי ווי דער קאָנגרעס, באַאיינפלוסט פון דאָגמאַטיזם, קורצזיכטיקייט און ענגהאַרציקייט פון זיינע מערהייטן האָט מען זי דורך אירע באַשלוסן צו אַ ווינקל־לעבן פאַרמשפּט. אנשטאָט טראַכטן דערביי צו לאָזן אנטיילנעמען אין דער לייטונג און פאַראַנט־וואָרטלעכקייט, ווי ווייט מעגלעך ברייטסטע שיכטן, האָט מען זיך גאָר גע־מוחט וועגן באַוואָרענען זיך פאַר זייער רעכט. דאָס גאַנצע אידישע פאָלק זאָל זיך פאַרן ווערק ביישטייערן, אָבער דעם קאָנטראָל און אנטשיידונג איבער דער פּאָליטיק, די ווירטשאַפט און פינאַנסן, וויל מען אַליין אין די הענט איינהאַלטן. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט־דורכפירבאַר, ווייל די פינאַנציעלע ביטראָגן, ווערן ניט אויפגעמאָנט ווי שטייערן, נאָר פריי־וויליק דאַרפן זיי געשאַפן ווערן.

מען וואָלט נאָך געקאָנט פאַרשטיין די דאָזיקע איינשטעלונג, ווען זי ווייזט זיך אַרויס צו ברענגען דעם אנטשפּרעכנדיקן פּאָליטישן דערפאָלג. די פירערשאַפט איז אָבער ליידער פאַרבליבן האַרט, און פּשוט אומגערעכט אנטקעגן דעם איינגעם פאָלק, און ווייך, ממש שרעקעוודיק כלפּי אנדערע מאַכטן. און אַזוי אַרום איז עס געקומען צום לעצטן ווייס־בוך.

אויך די דרום־אַמעריקאַנער סעקציע פון דער אידישער אַגענץ, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין זיינער צייט, בעתן באַזוך פון לאָרד מעלטשעט, האָט זיך ניט געקאָנט רעכט אויפהאַלטן, ווייל ניט מען האָט געוואָלט און געקאָנט צולאָזן, אַז די אידישע פאָנדן, זאָלן פאַרוואַלטעט ווערן דורך דער אידישער אַגענץ, כאָטש די געלטער ווערן פון אַלעמען געמיינזאַם צוזאַ־מענגעבראַכט.

## שפּעט זיך אַרומגעזען

אַמענדע, כמעט צו שפּעט, האָבן די פאַראַנטוואָרטלעכע איינגעזען, אַז עס מוז קומען אַן ענדערונג.

עס האָט אָבער געמוזט קומען דער צווייטער וועלט־קריג, פּחדימדיקע אבידות אינעם אידישן לעבן און האָב און גוטס און אַזאַ נויט און עלנט,

וואָס מען האָט זינט די צייטן פון טיטוס הרשע ניט דורכגעלעבט. די אַלע שווערע קרבנות, זיינען אָבער געווען פאַדערבאַר, ביז מען האָט אנערקענט, אַז אַלע דאַרפן געמיינזאַם אַרבעטן, די טשעמבערליינס דאַרפן אָראָפּגע־זעצט ווערן און די „טשערטשילס" מוזן מיט גאָר דער ענערגיע אונזער רעכט פאַרטיידיקן.

פּאַלעסטינע איז דאָס פאָטערלאַנד פון אַלע אידן, אומאָפּהענגיק פון זייער פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט, פּונקט ווי די תורה געהערט צו אַלע אידן, צי דער יחיד האָט זי געלערנט, צי האַלט ער יאָ אָדער ניט פון אירע גע־באָטן.

די אידישע אַגענץ דאַרף אַלע קרובהשע און פּאַראַלעלע אָרגאַניזאַ־ציעס פאַראייניקן און פאַרקלענערן דעם באַאַמטן־אַפּאַראַט, כדי די געלטער צו פּראָדוקטיווע צוועקן צו פאַרווענדן. די אידישע אַגענץ דאַרף איינהייט־לעך געשטאַלטיקן אונזער פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונגס־אַרבעט, אינער־האַלב דער אידישער סביבה, און אויך פאַר דער ניט־אידישער עפנטלעכ־קייט אַרויסטראָגן, כדי אונזערע גערעכטע פאָדערונגען זאָלן געפינען אַ טע־טיק־ווירקנדיקע אונטערשטיצונג. ניט נאָר אין די רעגירונגס־קרייזן, נאָר אפילו אויך בײַ אַלע גערעכטיק־דענקנדיקע.

## אינטערנאַציאָנאַל אנערקענטע קערפּערשאַפט

אין אנגעזיכט פון דער גרויסער אחריות, וואָס ליגט היינט אויף אונז, מוז די אידישע אַגענץ ווערן די כלפּי־פּנים־און־חוץ קערפּערשאַפט פון אי־דישן פאָלק. עס איז היינט ניטאָ קיין שום אידישע רעגירונג, וואָס זאָל פעלקער־רעכטלעך אנערקענט זיין, קיים שום אונטערהאַנדלונגס־פירער דאַרף ניט רעדן אין נאָמען פון גאַנצן פאָלק. עס שטעלט זיך אָבער די צווינגענדיקע נויטווענדיקייט צו ראַטעווען מיליאָנען געפאַלענע אידן. און דאָך קאָן אונז, ווען מיר וועלן אייניק זיין, די קומענדיקע שלום־קאָנפע־רענץ ברענגען אַ גינסטיקע אנטשיידונג איבער אונזער פאָלקס־גורל.

בײַ אונזער גאַנצער רעכטלאָזיקייט פאַרזעען מיר גופא, אַז די אידישע אַגענץ איז די איינציקע אידישע קערפּערשאַפט, וואָס איז אנערקענט דורך די אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן און פון די גרויסע דעמאָקראַטישע מלו־

כות. די אידישע אגענץ שטעלט מיט זיך פאר אן אינטעגראלן באשטאנד־טייל פונעם פאלעסטינער שטאטס־רעכט און זי פיגורירט אין די אקטן פון פעלקער־בונד און אין רעגירונגס דאקומענטן אלס די רעפרעזענטאנץ פון גאנצן אידישן פאלק. בלויז מיר אליין האבן ניט פארשטאנען אויסצונוצן די דאזיקע גרויסע פאליטישע מעגלעכקייט. איצט איז די העכסטע צייט, אז אלע קרייזן זאלן זיך צוזאמענגיסן אין דער אידישער אגענץ, כדי עס צו באנוצן אלס דיפלאמאטישן אינסטרומענט, וואס זאל שטיין צו אונזער דיספאזיציע.

## דאס וויטערדיקע פראגראם

די אידישע אגענץ, אלס פארטרעטערין פון גאנצן אידישן פאלק, איז בארופן און מחויב צו לייזן אלע אידישע פראבלעמען. מען דארף זיך מער ניט באשרענקען אף טיילווייזע אויפגאבן, מעגן זיי אפילו זייער וויכטיקע זיין. מען מוז דאס פראגראם אויסברייטערן און אוועקשטעלן אף פאלגנד־ע גרונט־תנאים:

1. די אידישע אגענץ איז אלס איינציקע ארגאניזאציע בארופן צו רעפרעזענטירן דאס אידישע פאלק אין דער אינטערנאציאנאלער פאליטיק, און איבערצונעמען זיינע אינטערעסן. די פארוואלטונג פון אלע אידישע פאנדן געהערט צו אירע אויפגאבן.

2. יעדער איד האט דאס רעכט אנטיילצונעמען אין דער ארבעט פון דער אידישער אגענץ, עס ווערן צוגעלאזן אלס פארטרעטער:

א) די באפולמעכטיקטע פון אלע אידישע ארגאני־זאציעס, שטענדיק, ווען זיי זיינען ניט קיין בא־אמטע.

ב) פערזענלעכקייטן וואס האבן זיך באזונדערס ארויסגערוקט אין עפנטלעכן אידישן לעבן, דורך זייער ארבעטס - בייטראג, זייערע מאטעריעלע אדער אידייאישע לייסטונגען.

3. די אידישע אַגענץ איז פאַרטרעטונגס-ווערטיק פאַר אַלע אינטערנאַציאָנאַל-אידישע פראַגן און האָט אַלס אויפגאַבע צו רעאַגירן, אויפפאַסן און האָבן השגחה אַף אַלע אינטערנאַציאָנאַל-אידישע פּראָבלעמען.

4. גאַנץ באַזונדערס האָט די אידישע אַגענץ פאַר זיך די אויפגאַבע, אַרויסצושטעלן די אידישע תביעות וועגן שלום-צילן, צו באַגרינדן זיי, פאָרצוטראָגן און פאַר-טרעטן.

5. די צענטראַלע פון דער אידישער אַגענץ און אירע פאַרטרעטערשאַפטן אין די פאַרשידענע לענדער, זיינען פאַרזען מיט פולמאַכטן, אַז זיי זיינען נאָכן סוף פון קריג ראוי צו באַדינען די אידן פון די אַרטיקע לענדער, אַלס די דיפּלאָמאַטישע און קאָנסולאַרע פאַרטרעטונגען.

היינט ווענדעט זיך עס אויסשליסלעך צי די אָרגאַניזירטע ציוניסטן, אַלס די אַקטיווסטע גרופּע אינערהאַלב פונעם אידישן פאָלק וועלן איינזען, אַז דאָס אידנטום איז דאָס ערשטראַנגיקע און די פאַרטיי, דאָס נעבנזאַכ־לעכע. מיר ווילן ניט און קאָנען ניט פאַרציכטן אַף אונזערע פאַרטיי־באַ־אַמטע, דאָס מיינט נאָך אָבער ניט אַז זיי זאָלן רעגירן. באַ אונז טאָר עס קיינמאָל ניט מעגלעך זיין, אַז מלוכה-באַאמטע זאָלן מיינען אַז דער שטאַט איז געשאַפן פאַר זייערטוועגן, און דעם שטייער־צאָלער פאַרבלייבט נאָר צו צאָלן און ווייטער נאָר צו שווייגן. מיר אַלס דענקענדיק פאָלק דאַרפן ניט און וועלן אויך קיינמאָל ניט צולאָזן אַזאַ איינשטעלונג און האַלטונג. מיר ווייסן אַז דער שטאַט האָט נאָר דאַן עקזיסטענץ באַרעכטיקונג, ווען ער אַרבעט פאַרן וואוילזיין פון גאַנצן פאָלק.

לאָמיר האָפן אַז די נויט פון דער צייט וועט אומעטום, אין דער צוועלפטער שעה, צענויפנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכע, און אַז די אידי־שע אַגענץ וועט דערוואַכן, און אַלס ווירקלעכע און איינציקע פאָרשטייער־שאַפט פון אונזער אומגליקלעכן פאָלק ווירדיק און מיט דערפאָלג פאַר־טרעטן אונז באַ דער קומענדיקער שלום-קאָנפערענץ.

# די נעקסטע שריט

די נויטווענדיקייט אויסצוברייטערן די אידישע אגענץ, מוז מען איינ־קניפּן אין דעם היסטאָרישן צוזאַמענהאַנגס־בונד פון דער אַנטוויקלונג פונעם אידישן פאָלק. די אויסברייטערונג פון דער אידישער אַגענץ לאָזט זיך איצט באַגרינדן פון אַ סך שטאַנדפּונקט אלס געבאָט פון דער דאָזיקער שעה.

מיר האָבן ביז איצט, ליידער געטאָן גאַנץ דילעטאַנטישע אַרבעט. ווי אָפּט איז שוין דערויף אָנגעוויזן געוואָרן, אַז מיט שנאָרן, קאָן מען קיין לאַנד ניט אויפבויען. רעכט מוז מען באַזיצן און פאַרטיידיקן.

אונזער גרויסע מדה „רחמנות” איז באַ אונז אַזוי אַנטוויקלט, אַז אויסשליסלעך אַלע אַקציעס, זיינען פול מיטן דאָזיקן שטריך. די דערפאָלגן זיינען אויך פונקט אַזעלכע.

מיר זיינען איצט, אַזוי אַרום געקומען צו אַזאַ פונקט, אַז אפילו ווען מיר זאָלן ניט נאָר אונזער גאַנצע הכנסה אריינבראָקן, נאָר אַפילו אונזער גאַנצן פאַרמעגן אַוועקגעבן וועלן מיר נאָך אַלץ שטיין פאַרן זעלבן מצב: פאַרן גאָנישט.

ווי לעכערלעך עס איז היינט צו וועלן אַרבעטן מיט פילאַנטראָפּיע, באַווייזט די טעטיקייט פון די פאַרשידענע הילפס־קאָמיטעטן. פאַרן גרעס־טן און אפשר דערפאָלגרייכסטן האַלט איך דעם הילפס־קאָמיטעט פאַר גרויס־בריטאַניע. אַ סך פון דער מיטגלידערשאַפט, זיינען מיינע פריינט. איך האָב אָבער פון אָנהויב אָפּגענויגט פון מיטצואַווירקן, ווייל איך האָב איינגעזען אַז דאָס איז אַן אומעגלעכער וועג. דרך אגב ווילן מיר דאָ מאַ־כן איניקע פעסטשטעלונגען. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אין אַרגענ־טינע, באַם גאַנצן גערודער, מיט 21 אָפּטיילונגען, אין קרוב אַ יאָר פון זיין ווירקונג, איבערגעשיקט די סומע פון 225.000 היגע פעזעס. ווען מיר פאַרגלייכן דעם דאָזיקן ביישטראָג מיט די קרינגס־הוצאות, מאַכט עס אויס

אומגעפער ווי איין סענטאַוואָ קעגן 10.000.000 פעזעס. אזוי אַרום איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פון דער ענגלישער זייט נעמט מען די דאָזיקע טעטיקייט אויף ניט זייער ערנסט. די זעלבע סיטואַציע הערשט אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו די הערן פונעם אידישן הילפס־ווערק, ווע־רן טראָץ זייער וואונטש און שטופּן זיך, צו די באַראַטונגען ניט צוגעלאָזן, אונטערן אויסרעד, אַז די אידן געהערן סיי ווי סיי צו וועלכער ניט איז מלוכה. (אָן די אַנטבירגערטע און שטאַטסלאָזע, ווען אפילו צווישן זיי זאָלן אויך פאַרמעגלעכע זיין האָט מען פאַרגעסן).

*

עס איז אַנטשטאַנען אַ מאָמענט פון אַ פאַרווירונג פון היסטאָרישע באַגריפן. דאָס וואָס איז נעכטן נאָך געווען רעכט, איז היינט אומרעכט געוואָרן. די גרענעצן פאַרטווישן זיך. אָבער מיר, וואָס האָבן תמיד אידייען פאַר אַנדערע פעלקער געגעבן, געפינען ניט אין זיך אליין, פאַר אונז עט־וואָס נייעס, צו שאַפן אויפטרייסלענדיקס, דערליייזנדיקס.

היינט, בעת די געשיכטע טראָגט אונז אפשר ווידער אונטער אַ שאַנס, דראָעט די סכנה, אַז די דאָזיקע רגע, זאָל אַדורכפליען ניט אויסגענוצטער־הייט. גרויסע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע ענדערונגען שטייען פאָר. אונזערע פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרשטייען אָבער ליידער ניט, מחמת זייער שמאָלן האָריזאָנט ווי אזוי צו האַנדלען און ווי אזוי צו דערווייטערן זייער געטאָ־מענטאַליטעט. אַנשטאָט דעם ווערט דער דאָזיקער מאָמענט אָף קליינלעכע שטרייטן און עגאָיזמען פאַרתכלעוועט.

אונזערע גאַנץ רעדוצירטע הכנסות וואָלטן אפשר נאָך געקלעקט, אָף צו מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר אונזער גערעכטער זאַך, און ווייניקסטנס אָף צו שאַפן פאַר אונז אַן אָפיציעלע פאַרטרעטערשאַפט. היינט לעבט ניט בלויז דאָס אידישע פאָלק אין גלות, היינט איז עס שוין ממש אַ מאָדע־זאַך, גלות צו שפּילן. אַ סך פעלקער האָבן שוין זייערע גלות־רעגירונגען, נאָר מיר האָבן עס נאָך אויף אזוי ווייט ניט דערפירט. דעם רעליגיעזן פירער האָט מען דערקלערט אַלס ניט קאָמפּעטענט, אָבער אליין האָט מען דערביי זיך קיין אַנדער רעגירונג ניט געשאַפן.

די אסימילאציע האט זיך אלס טעות ארויסגעוויזן, אבער אירע נביאים ווען עס ניט מודה זיין. רעפארם איז פוסט, אבער מען וויל ניט קיין שום צוריקקער. יעדער אידישער קבוץ, יעדער אידישע גרופע, יעדע אידישע פארטיי, איז אן און פאר זיך אליין צעקלאפט, אבער מען וויל ניט קיין שום פארייניקונג. עס פעלט אוים ציוווילער מוט. פילאנטראפיע איז אן אומעגלעכקייט. אבער מען ציטערט פאר נייע וועגן. דער ציוניזם געפינט זיך אין א טעמפן ווינקל, אבער קיינער באמיט זיך ניט ארויפצופירן אים אף נייע וועגן.

*

די אידישע אגענץ מוז אויסגעברייטערט ווערן. די דאזיקע קערפערשאפט, וואס איז אנערקענט מצד אלע דעמאקראטישע רעגירונגען, מוז אויך דורך אונזער פאלק אנערקענט ווערן. דער נעכסטער שריט איז דאן דאס בילדן א רעגירונג, וואס זאל זיין אימשטאנד צו רעפרעזענטירן דאס אידישע פאלק און עס פארטרעטן בא די פירנדיקע פארהאנדלונגען. און אז עס וועט זיין אן אקציע־פעאיקע רעגירונג, וועלן זיך דאן אויך די נויטווענדיקע פאליטישע פארהאנדלונגען לאזן פירן מיט דערפאלג.

מיר וואס האבן די ווייטגייענדיקסטע און גרעסטע קרבנות געבראכט, און וועלכע שטייען שוין זייט 8 יאר אין קאמף, וועלן דורכדעם אריינטרעטן אפיציעל אין די רייען פון די אליאירטע. די אזוי גערופענע קריגסדערקלערונג, וואס ווייצמאן, האט באם אנהויב פון קריג געגעבן, איז שוין סיי ווי מצד אונזערע שונאים גענומען געווארן צו קענטניש, וועלכע האבן מיט נאך ווייניקער איינזעעניש געמארדעט די אונזעריקע, אונזערע „פריינט" האבן זי אבער ביז היינט פארהערט.

דער אנבאט צו גרינדן אן אידישע ארמיי, ווערט נאך אלץ ניט גענומען אין אכט. מען דערלויבט סיי ווי, די אונזעריקע צו שטארבן אלס אידן, אבער, ווי עס איז תמיד געווען, ווערן די לייסטונגען אפן חשבון פון אנדערע פארשריבן. הונדערטער טויזנטער אידישע קרבנות גילטן אלס די פוילישע, פראנצויזישע, בעלגישע, האלענדישע, ענגלישע און גריכישע קעמ־

פער פאר דער דעמאָקראַטיע און גערעכטיקייט; נאָר קדיש זאָגן נאָך זיי, דאַרפן מ י ר . . .

און ווען מיר זאָלן צוערשט האָבן אונזער רעגירונג, דאַן וועלן מיר אויך אונזער פּלאַץ אינעם אַליאירטן־ראַט האָבן, דאַן וועט אויך אַנטשטיין די אידישע אַרמיי.

עס איז שוין די צוועלפטע שעה, מען רעדט שוין וועגן מאַסמיטלען, וואָס זאָלן נאָכן קריג אונטערגענומען ווערן. די דריי ביז פיר מיליאָן אידן אין רוסלאַנד, האָבן שוין ווידער געהאַט נויטיק אויפצומאַכן זייער אי־דישן מויל און זייער אַפּעל איז געווענדעט צו אונז. דאָס 16 מיליאָנען פאָלק איז אַזוי אָרום ווידער צוזאַמען. איצט האָבן מיר אַמענדע די געלעגנ־הייט צו באַווייזן, אַז מיר קאָנען אויך דורכפירן אויפטועז פאַר זיך אַליין.

# די אידישע פּאָלקס רעגירונג

נאָכן אויסברייטערן די אידישע אַגענץ און איר קאָנסטיטואירונג אַלס די צענטראַלע רעפּרעזענטאַנץ פון אידישן פאָלק, מוז מען תיכּף ווייטער גיין און אַן אַ ק צ י ע ־ פּ ע א י ק ע  א י ד י ש ע  פ אָ ל ק ס  ר ע ג י ר ו נ ג  ש אַ פ ן. היינט האָבן דאָס רוב אייראָפּעאישע פעלקער זייערע גלות־רעגירונגען, וואָס זיינען אנערקענט מצד די אַליאירטע, און וויבאַלד אַזוי, איז עס קיין שום אויסערגעוויינלעכעס ניט, אַז אויך אַ אי־דישע גלות־רעגירונג זאָל זיין. אַ אידישע פאָלקס־רעגירונג דאַרפן מיר, כּדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל קלאָר צו מאכן, ווער עס דאַרף זיין בארופן צו רעדן אין נאָמען פון אידישן פאָלק, צו פארהאַנדלען און אָפּמאַכן שליסן, כּדי סוף כּל סוף צו פארמיידן, אַז יעטוועדער אָרגאַניזאַציע און צייטונג־ווייז אַפּילו איינצלנע פּערזאָנען זאָלן שפּילן דעם פאַרטרעטער פון גאַנצן אידישן פאָלק, בעת זיי זיינען עס ניט אין דער ווירקלעכקייט. נאָר אַזוי קאָן באַוואָרנט ווערן, אַז עס זאָל ניט קומען צו קיין פארשידנאַרטיקע, קעגנזעצלעכע און אינטערעסן־שעדיקנדיקע חלוקי דעות, אָדער פּשרות אין אידישע פראַגן.

אַ אידישע פאָלקס־רעגירונג איז אַ נויטווענדיקייט, וואָס דאַרף דער־גרייכט ווערן אַמשנעלסטן.

עס איז אוממעגלעך אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל לויטן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ איבער דער בילדונג פון אַ רעגירונג קאָנען אָפּשטימען. כאָטש איין טייל פון אונזער פאָלק איז נאַציאָנאַל געשטימט און אַ קליינער פּראָ־צענט איז אָרגאַניזירט, וועט קיינער ניט אָפּפרעגן, אַז אויך די ניט אָרגאַ־ניזירטע, אָדער אויך די ניט נאַציאָנאַל־געשטימטע אידן געהערן צו אונ־זער פאָלק. ווייל מיר קאָנען קיין אָפּשטימונג ניט דורכפירן (זעקס מיליאָן אידן לעבן אין קנעכטשאַפט און אַנדערע מיליאָנען געפינען זיך אין די קריגספירנדיקע לענדער), מוזן מיר באַ דער בילדונג פון אונזער רעגירונג גיין אַף נייע וועגן.

עס איז זייער שווער דורכצופירן א פארשטענדיקונג בא אידן, און אלע אנשויאונגען אין א געמיינזאמען הסכם צוזאמענברענגען. מיר האבן דער־לעבט, אז אויך איצט, קאנען מיר ליידער צווישן זיך גופא ניט אייניקן, אין דער רגע, ווען אונזער קיום איז באדראעט און ווען מיר געפינען זיך אין א ים פון האס. אמאל האבן מיר תמיד נביאים אדער בארופענע פירער גע־האט — דאס רעליגיעזע געזעץ איז ליידער, אוועקגעשטויסן געווארן אין הינטערגרונט און די אלטע תורהס ווערן שוין ניט מער אנערקענט אזוי ווי אמאל. די נייע אידייען האבן אבער ניט באוויזן דאס גאנצע אידנטום צו איבערצייגן, אדער אויפטרייסלענדיק אויפצורודערן. מיר לעבן נאך כסדר אין גייסטיקער קנעכטשאפט. די 40 יאר פונעם מדבר ענדיקן זיך שוין. דער נייער משה איז טויט, אבער קיין יהושע איז נאך ניט געקומען, כדי צו פירן דאס פאלק, וואס וויל צוריקקערן צו זיין לאנד. עס דוכט זיך, אז קיין נייער נביא, איז דאסמאל דעם פאלק פון די נביאים ניט געגעבן געווארן. אפ דער וועלט איז אבער אויפגעשטאנען א נייער נביא, און אן אנדערן פאלק געהערט ער: פראנקלין ד. רוזוועלט, דער גרויסער דעמא־קראט — דער ווירקלעכער פארטיידיקער פונעם אמת און מענטשנרעכט.

כאטש די אידנפראגע מעג אויך פאר אים בלויז א טייל פון א פראַ־בלעם זיין, וועט ער אלס רעליגיעזער מענטש, אלס אנערקענער פונעם בוך פון די ביכער איינגיין ארויסצוגעבן א נייע דעקלאראציע איבער אונזערע רעכטן, און אויך צו באשטימען דעם מאן וואס זאל אין דער דאזיקער שווערער שעה, זיין דער פירער פון אידישן פאלק.

רוזוועלט האט אין לואי ד. בראנדייס געזען דעם וואס זאל קירעווען די געשיכטע פון אידישן פאלק. בראנדייס איז בשבע שנים פון אונז אוועק. זאל־זשע אבער רוזוועלט אן אנדער גרויסן אידן, אן אומאייגנוציקן און גערעכטיקן מאן אויסוויילן און באשטימען, וואס איז ראוי און ווירדיק צו פורעמען דעם אידישן גורל, און צו רעגירן אונזער פאלק. מיר לעבן אין אזא צייט, וואס האט אנדערע פעלקער באוואויגן צו אויסערארדנטלעכע מאסמיטלען, נאר ניט אונז. זאלן מיר, פונקט ווי עס איז לויטן רוימישן רעכט, דערלאזבאר אין אזא מאמענט, א „דיקטאטאר" ארויפזעצן.

יהושע האט אויך קיין אנדער לעגיטימאציע ניט געהאט, ווי די סמיכה וואס משה האט אים געגעבן, טראצדעם איז זיין אויטאריטעט ניט גע־

שטעלט געוואָרן אין קיין ספק. דער היסטאָרישער פאַרגלייך פונעם אידישן צוריקקער פון גלות־בבל ליגט אויבן אויף. זרובבל איז געווען אַ פּערסי־שער מלוכה־באַאמטער, וועמען כרש האָט אַרויסגעהויבן, ער האָט פריער קיין מיינונג באַ די פאַרשידענע פּאַרטייען ניט געפרעגט, און קיין אָפּשטי־מונגען זיינען ניט איינגעאָרדנט געוואָרן. די איינוואַנדערונג אונטער זרובבל קאָן מען פאַרגלייכן מיט דער עליה פון 1919־1939, און זרובבלס ראָל האָט לאָרד סעמועל געהאַט צו דערפילן.

, שפּעטער נעמט דעמלט נחמיה די פירונג, ער קריגט די דערלויבעניש פון ארתחששתא און דאָך האָט קיינער ניט געצווייפלט אין זיין אױ־טאָריטעט. ער זעצט דורך אין 52 טעג דאָס, וואָס די לעגאַליסטן און דע־מאַגאָגן, די קליינלעכע פּאַרטיי־באַאמטע, האָבן 93 יאָר דעבאַטירט, ניט דערגרייכנדיק דעם מינדסטן דערפאָלג. ער האָט וואַרשיינלעך קיין דיסקר־סיעס איבער 50:50 אין דער אַגענץ, אָדער וועגן דער פאַרטיילונג פון די געזאַמלטע געלטער צווישן די פּאַרטייען און איבער ענלעכע „פּראָבלעמען" ניט געפירט. נחמיה האָט מדריך געווען און אָריענטירט, און זיך צוריק־געקערט צו דער תורה און מזכה געווען מיט אַ ווערק, וואָס לעבט איבער די יאָרטויזנטער. פאַר נחמיהן ווירקט עזרה, קיינער קאָן עס ניט אָפּלייקע־נען, אַז ער האָט ניט אויטאָנאָם, אומבאַגרעניצט, אין אַלט־רוימישן זין פון וואָרט, דיקטאַטאָריש געהערשט. זיין אַרבעט, האָט אָבער געהאַט דער־פאָלג. אָן אים וואָלט דאָס אידנטום שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען. אויך אים האָט אַ ניט איד באַשטימט און דאָך האָבן אים אַלע רעספּעקטירט, ער שאַפט אַ נייע תורת־חיים און גרייט צו אַ גלאַנץ עפּאָכע פונעם אידנטום. עזרה האָט דורכגעפירט די רייניקונג פון פרעמדע עלעמענטן און איינפלוסן אינעם אידנטום, קעגן אַ שטאַטן־צעזאַמענבונד פון די שכנישע שבטים, האָט ער זיך געווערט דורך אייניקייט און פאַרפעסטיקונג פון אידישן שטאַט, און דאָס אידישע פאָלק איז געווען מיט סכנה אַרומגערינגלט, פונקט ווי באַ דעם איצט געמאַכטן פאָרשלאַג וועגן אַ פּאַן־אַראַבישער קאָנפעדעראַציע.

מיר מוזן אָפן זעלבן וועג אַרויפגיין, וואָס יענע גרויסע זיינען געגאַנ־גען אין די פריערדיקע צייטן. מיר מוזן זיך איבער דאָס אַלץ באַדענקען און אַרויסשטעלן אַ ווידערשטאַנד די קליינלעכע פּאָליטיקער, ווייל מיר

האָבן בלויז איין ציל: צו רעטן דאָס אידישע פאָלק.

מיר קאָנען ניט לאָזן האמעוועז אונזער קאמף מצד די יעניקע, וועל־כע פארופן זיך תמיד אף זייער לעגאַליטעט, די וואָס ווילן אַלצדינג מאכן „לעגאַל", פונקט ווי ס'האָבן עס געטאָן די פירער פון די אייראָפּעאישע דע־מאָקראַטיעס, וואָס האָבן זייערע לענדער גאַנץ לעגאַל צו גרונט אראָפּ־געפירט. אין דער פּאָליטיק איז מאָסגעבנדיק בלויז דער דערפאָלג. ליידער האָבן מיר בלויז דורכפאַלן אַף אַנצואווייזן.

קיין שום איד אַף דער וועלט, וועט היינט צו טאָג עפּעס וואָס זאָגן קעגן דעם מאַן, וואָס וועט דורכן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן באַשטימט ווערן, אַז ער זאָל אונז די אייניקייט ברענגען, און ער זאָל נאָך די זיבן יאָר פון כבוש דאָס אידישע פאָלק פון אַלע עקן וועלט אין זיין היים פירן, און דאָס לאַנד אויפבויען.

דער גרויסער נביא פון דער דעמאָקראַטיע, פרייהייט און גערעכטי־קייט, וועט זיין פליכט צום פאָלק פון דער ביבל, און אויך קעגן דער גאַנ־צער מענטשהייט דערפילן, כדי זי אָפּצוראייניקן פון דער אַנטיסעמיטישער שאַנד, און בכדי אונז ווידער צו לאָזן לעבן, אין אַרבעט און ערע, אַלס גלייכבאַרעכטיקטע, פרייע בירגער אין אייגענעם לאַנד.

נאָר רוזוועלט אַליין קאָן דעם מאַן איבער אונז באַשטימען, וואָס זאָל אין דער דאָזיקער צייט קאָנען איבערנעמען די פירערשאַפט פון אידישן פאָלק, וואָס זאָל [illegible] אַלעמען רעספּעקטירט ווערן, געשטיצט אַפן צוטרוי און דער קאָנסטרוקטיווער הילף פון די פאַרייניקטע שטאַטן, און אַלע פרייהייטס־ליבנדיקע פעלקער און לענדער.

# באַלפור דעקלאַראַציע — רוזוועלט דעקלאַראַציע

אזא פּרעזידענט פון אידישן פאָלק, אנערקענט דורך אידן און ניט־אידן, וואָס זאָל דורכן היינט צו טאָג מעכטיקסטן שטאַטסמאַן פון דער וועלט, נעמלעך, דורך רוזוועלטן ארויסגעהויבן ווערן, איז אזוי ארום קיין שום אויסערגעוויינלעכס און דאָס האָט אין דער געשיכטע צאָלרייכע פּאַראַלעלן. איבעריקנס ליגט אויך אין דעם א גראַדליניקע אנטוויקלונג, אז צום שלום פון דער פאַריקער וועלט מלחמה, איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך באַלפור די דערקלערונג פון דער ענגלישער רעגירונג צו הילף טראַגנדיק, אף אויפצוריכטן א אידיש־נאַציאָנאַלע מלוכה־היים אין פּאַלעסטינע, און אז אין דער דאָזיקער וועלט מלחמה, זאָל אויף דער באַלפור־דעקלאַראַציע נאָכפאָלגן א רוזוועלט־דעקלאַראַציע.

די באַלפור־דעקלאַראַציע איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין א מאָמענט פון לעצטן וועלט קריג, בעת די אויסזיכטן פון די אַליאירטע, זיינען ניט געווען קיין באַזונדערס גינסטיקע, בשעת מען האָט אויך די קלענסטע הילף נאָך געהאַט זייער אָפּגעשאַצט. דאָס אידנטום האָט זיך דאַן אונטערן אימפּולס פון געפיל געריכטעט קעגן צארישן רוסלאַנד און קעגן דער אנטיסעמיטישער רומעניע, פונדעסטוועגן, האָבן די דעמאָקראַטישע מערב־מלוכות ניט באַוויזן צו געווינען פאַר זיך איין־צדדימדיק די אידן.

די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט פאַרפאָלגט א קלאָרן פּאָליטישן צוועק, לטובת ענגלאַנד, און איז א גוטע דיפּלאָמאַטישע ארבעט. דאָס וואָס מיר האָבן פון דעם ניט געמאַכט, וואָס פאַר אונז איז מעגלעך געווען, איז אויסשליסלעך אונזער שולד, עס זיינען שולדיק אין דעם די וואָס האָבן דעמלט געטראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקיים פארן אידישן פאָלק און האָבן ניט ממלא געווען.

די דעקלאַראַציע איז געווען געווענדעט צו א פּראָמינענטן „יחיד", אַלס דער פאַרטרעטער פון דער אידישער פינאַנץ און פילאַנטראָפּיע. די

ענגלישע רעגירונג, האָט פאַרזיכערט איר גוטן ווילן צו שאַפן די אידיש־נאַציאָנאַלע היים און האָט צוגעזאָגט איר אונטערשטיצונג בּאַ דער פאַר־ווירקלעכונג פון דאָזיקן ציל. דאָס אידישע פאָלק האָט אַ מתנה באַקומען, עס האָט אַזוי צו זאָגן געפּאַקט דאָס גרויסע געווינס. און וואָס האָט מען געמאַכט דערפון, ניט מער ווי אָרעמע לייט אָנצוהאָדעווען, וואָס האָבן פּלוצלינג אַ סך געלט באַקומען אין די הענט: זיי באַלעבאַטעווען דערמיט, פאַרוועגדן עס אומנוצלעך, זאַמלענדיק דערפאַרונגען.

אנשטאָט תיכף איבערצוגעבן די רעכטן דעם אמתן אייגנטימער, צום אידישן פאָלק, אנשטאָט דעם גאַב פון די אנדערע מאַכטן צו פאַרווערטיקן, זיי זאָלן גלויבן, אַז מיר זיינען אַ מאַכט־פאַקטאָר, אנשטאָט ברענגען צו דער דערפילונג פון די אַלע אונז געגעבענע צוזאָגן און פאַרשפּרעכנס, כדי נאָך מערערס פאַר אונז אויסצופועלן, איז עס מצד אונז ניט געשען, מען האָט די צייט פאַרלאָרן מיט קליינלעכע איינצל־אַקציעס, מיט אינערלעכע חלוקי־דעות, ביז די מחלוקתן זיינען אויסגעוואַקסן, און די רעאַליזירונג פון אונזערע האָפענונגען איז פאַרהאַלטן געוואָרן. אנשטאָט פאַר דעם אי־דישן פאָלק צו קעמפן, האָט מען באַנייט דעם קאַמף צווישן די אידן. וואו מען האָט אינעם יאָר 70 (חורבן בית המקדש) געהאַט אויפגעהערט, באַ־נייט מען ווידער אין 1918.

מען האָט פאַרזאַמט פון די רעשטלעך פון אָטאָמאַנישן מלכות, צו זיכערן דאָס דערגרייכבאַרע פאַר אונז, און אָפן דאָזיקן וועג גובר צו זיין די ליידן פון אַריבער 18 יאָרהונדערטער. די גרויסע און קליינע פּירער זיי־נען געבליבן אין זייערע מערב־איראָפּעאישע רעזידענצן, זיי זיינען ניט גע־גאַנגען אין די לענדער, וואו עס זיינען פּאָגראָמען געווען, כדי דאָס פאָלק צו ראַטעווען און אהיים צו פירן. יעדער גרופּע האָט געקעמפט פאַר זיך, פאַר איר קליינלעכער, ענג־באַגרענעצטער אידעאָלאָגיע, מען האָט דאָס פאָלק צעשפּליטערט און צעריסן, אנשטאָט עס צו אייניקן. מען „שיקט" דאָס פאָלק. אונזער משה רבנו, האָט אָבער דאָס פאָלק פון דער קנעכט־שאַפט ניט ארויסגעשיקט, ער גופא, האָט עס געפירט אין פאַרשפּראָכע־נעם לאַנד אריין. ווי ווייט וואָלט היינט צו טאָג דער פּאַלעסטינע אויפבוי געווען פאָרגעשריטן, ווען אונזערע פאַראַנטוואָרטלעכע וואָלטן געוועסט געפירט אין אונזער לאַנד אריין, אונטערן שוץ און גוטן ווילן פון גרויס־

בריטאַניע, די קרבנות פון די פּאָגראָמען פון אוקראַיִנע, סלאָוואַקיי, אונ־
גאַרן, רומעניע און א. וו.

איצט ווילן מיר בלויז אַ קליינעם טייל פון די רעכטן קאַנען ראַטע־
ווען. עס ווערט איצט צעקלאַפּט איינע פון די שענדלעכסטע עפּאָכן פון
דער מענטשלעכער געשיכטע, וועלכע קען אָנגערופן ווערן „דער אינטערנאַ־
ציאָנאַל פונעם ענאַיזם". מיר מוזן שוין אָבער ווידער מיטן בלוט פון אונ־
זער פאָלק, און מיט די יסורים פון אונזערע ברידער, לייסטן אַן איבער־
מעסיקן בייטראָג, אַז דורכדעם זאָל דער שונא פאַרניכטעט ווערן און אַ
בעסערע צייט זאָל צוגעגרייט ווערן.

היינט איז אונזער פּאָזיציע פיל שוואַכער ווי אין 1917. ווייל טראָץ
דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע וועגן אונזער גרויסער מאַכט, זעט די וועלט
גאַנץ בפירוש אונזער אָנמאַכט און שוואַכקייט. דורך לאַנגע יאָרהונדער־
טער פון קנעכטשאַפט, האָבן מיר די אינערלעכע צעריסנקייט ניט גובר
געווען, און די אַצינד ווי דאָס לעבן נויטיקע אייניקייט ניט געקאָנט איינ־
שטעלן.

די ערשטע דעקלאַראַציע, וואָס איז ליידער דורכן אידישן פאָלק ניט
פאַרווירקלעכט געוואָרן, האָט אַרויסגעלאָזן אַן ענגלישער קאָנסערוואַטאָר,
איצט זאָל די גרויסע נאָרד־אַמעריקאַנישע נאַציע ווידעראַמאָל דעם פאָלק
פון דער ביבל גערעכטיקייט אויסטיילן: רוזוועלט מוז דעם אידישן פאָלק
געבן אַ דעקלאַראַציע איבער זיינע רעכטן און זיין עתיד, דורכדעם וועט די
די נייע וועלט, וואָס וועט פון דאַזיקן כאַאָס אויפשטיין, אויך אונזער
לעבנסמעגלעכקייט באַוואָרענען.

די ערשטע דעקלאַראַציע, די פונעם לאָרד באַלפור, איז דורך אונז
ניט פאַרשטאַנען און ניט פאַרווערטיקט געוואָרן, איצט איז די פולע שעה
געקומען, אַפן גרונט־תנאי פון אַ דעקלערונג מצד דעם גרעסטן שטאַטס־
מאַן פון אונזער צייט, אָנצונעמען די טרעפלעכע מאָסמיטלען, וואָס קאָ־
נען אונז פון אונזער עלנט אַרויסנעמען.

אַלע גרויסע פּרעזידענטן פון דער אמתער דעמאָקראַטיע, האָבן גרוי־
סעס געשאַפן. עס דערמאָנט זיך אַגב, אַז איינער פון זיי, האָט דער פאַר־
פאָלגטער שוואַרצער ראַסע אַ היים געוואָלט געבן, וואו זיי זאָלן לעבן
לויט זייערע אויפפאַסונגען און געוואוינהייטן און גליקלעך זיין. רעאַליזיר־

דיק די דאָזיקע אידייע, אין איר פולן פאַרנעם, וויפל בושה און ווייטיק, וויפל יסורים און אומגערעכטיקייט, וואָלט פאַר נאָרד־אַמעריקע און דער מענטשהייט פאַרשפּאָרט געוואָרן.

פּונקט אַזוי מוז עס היינט צו טאָג די מעגלעכקייט געגעבן ווערן אויך פאַר פאַר אונז, די וואָס זיינען אַמשווערסטנס נערודפט, אַ לאַנד, אַ היים צו שאַפן, וואוהין אַלע, וואָס ווילן, זאָלן איבערוואַנדערן און ווידער קאָנען לעבן אַלס פרייע מענטשן. דאָס וואָלט געווען אַ טאַט, וואָס איז ווירדיק פאַר אַזאַ מאַן ווי רוזוועלט.

נאָרד־אַמעריקע האָט זיך אויך איר חלק שולד אינעם היינטיקן כאַאָס, ווייל זי האָט קיין שום רעכט ניט געהאַט, זיך צוריקצוציען אין 1918, אַזוי ווי זי האָט עס געהאַט געטאָן. די מענטשהייט איז אַן אומצוטיילבאַ־רער איינס, עס קאָן ניט זיין קיין שום געזונט־פּראָצעס אין איין טייל וועלט, בעת אַן אַנדערער געפינט זיך נאָך אין דאָזיקן כאַאָס. עס קאָן אין מערב ניט הערשן קיין הצלחה, („פּראָספּעריטי") בעת אין מזרח זיינען מיליאָנען אין עלנט. עס קאָן ניט געהעכערט ווערן די פּראָדוקציע, בעת דער קאָנסום ווערט אַראָפּגעדריקט. עס קאָן ניט זיין קיין שום קולטור אַנט־וויקלונג אַזוי לאַנג ווי עס רעגירט רציחה און גוואַלט. דאָס רעכט קאָן ניט גילטן, בעת ערגעץ וואו, האָט אומרעכט די ממשלה.

אָט אָ דאָס איז געווען רוזוועלטס אומשטערבלעכער פאַרדינסט, די דאָזיקע אמתן אַרויסצורוקן און פּראָקלאַמירן, און צו האָבן אויפגעפאָדערט דערביי דער ציוויליזירטער מענטשהייט, פאַר זייער פאַרווירקלעכונג מיט־צואַרבעטן.

זאָל־זשע רוזוועלט צוליב דעם מסכים זיין אויך אונזערע צוקונפטס־רעכט דורך אַ נייער דעקלאַראַציע צו זיכערן, כדי צו באַפרייען די מענטש־הייט פון דער אַנטיסעמיטישער שאַנד און בכדי אַ וועלט פון שלום און פרייהייט אויפצובויען.

# דער ציל: פאָלקס־רעטונג

די שאַפונג פון אַ צענטראַלער אידישער אָרגאַניזאַציע, אַלס די פעל־קער־רעכטליך אַנערקענטע רעפּרעזענטאַנץ פון אידישן פאָלק, און די שאַ־פונג פון אַ אידישער פאָלקס־רעגירונג אַלס אויספיר־אָרגאַן פון דער דאָ־זיקער רעפּרעזענטאַנץ, וועלן געבן די מעגלעכקייט, צו פאַרווירקלעכן די פּאָליטישע צילן, פאַר וועלכע מיר מוזן היינט צו טאָג קעמפן.

מען קאָן די צילן, אָדער דעם ציל פון דער אידישער פּאָליטיק פאַר־מולירן זייער קורץ: ר אַ ט ע ו ו ע ן ד אָ ס א י ד י ש ע פ אָ ל ק. אַלע אַנדערע פּאָסטולאַטן, שטרעבונגען, פּאַרטיי־קליינלעריי, שיטות און ווינקל־אינטערעסן מוזן דעם דאָזיקן איינציקן ציל אונטערגעוואָרפן ווערן. אין דער פּאָליטיק פון די לעצטע 40 יאָר, וואָס איז געפירט געוואָרן פון אונזערע פּאַרטיי־באַאַמטע און אַזעלכע גרעסערע און קלענערע דעלעגאַטן, איז דער דאָזיקער גרויסער ציל צו ראַטעווען דאָס פאָלק אוועקגעשטופּט געוואָרן דורך מאַנכע קליינלעכע און נעבנזאַך אינטערעסן. פאַר טעאָדאָר הערצלען האָט עקזיסטירט בלויז דער דאָזיקער איינציקער אידעאַל: אַרויס־צוהויבן דאָס פאָלק פונעם עלנט צו אַ נייער ווירדע און פרייהייט, אָדער ווי ער האָט עס גערופן: „פון אַ שמאַטע אַ פאָן און פון אַ געפאַלענער משפחה אַ פאָלק צו מאַכן". אָדער ווי ער האָט עס אַן אַנדערש מאָל פאַר־מולירט: „עס גייט אין דעם, פון אָרעמע אידן־יונגען — שטאָלצע, יונגע אידן צו ווערן".

דער דאָזיקער הערצליאַנישער אידעאַל פון ראַטעווען דאָס פאָלק, פון שאַפן נייע נאָרמאַלע לעבנס־מעגלעכקייטן אין אייגענעם לאַנד, אין פריי־הייט און אַרבעט, אין ערע און ווירדע, אַזוי ווי אויך לעאָן פּינסקער און אַנדערע גרויסע קעמפער פון אידישן פאָלק האָבן אויסגעמאָלט, מוז אין זיין אַלטער ריינקייט ווידער אַרויסגעהויבן און באַפרייט ווערן פון די קלעפּ פונעם פאַרשאַכערנדיקן דאָקטרינירזם און פאַרשטאַרטער פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע.

אונזערע פּאָליטישע שטרעבונגען פאַרן ציל פון ראַטעווען דאָס אי־דישע פאָלק, מוזן זיך באַזירן אויף דער דורכזעצונג פון פאָלגנדע פאָדערונ־גען:

# פּאַלעסטינע

פאַרזעצנדיק די ביזאהעריקע שטרעבונגען מוז דער פּאַלעסטינע־אויפ־בוי דורכגעפירט ווערן אין אַ אויסגעברייטערטער און פאַרשטאַרקטער פאָרם. פאָלגנדע פּרינציפּן קומען פאַר דעם אין אַכט:

א) — איבערגעבן דעם מלוכה־באָדן אָן אנטשעדיקונג צו דעם אידי־שן פאָלק (איבערגאַנג פונעם מלוכה־באָדן אינעם נאַציאָנאַל־אייגנטום פו־נעם אידישן פאָלק) עס איז אַ אוממעגלעכער און אומוויהדיקער צושטאַנד, אז נאָכדעם ווי דורך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און די נאָכפאָלגנדע ווידער־האָלטע דערקלערונגען, איז באַשטעטיקט געוואָרן פאַר די אידן דאָס רעכט אויפצושטעלן זייער נאַציאָנאַלע מלוכה־היים אין פּאַלעסטינע, האָט מען, דאָך, דעם באָדן פון לאַנד זיי ניט איבערגעגעבן, נאָר מען פאַרלאַנגט נאָר פון זיי, אז זיי זאָלן עס פון ענגלישן פיסקאַ אויסקויפן. (עס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אז דעם באָדן, וואָס געפינט זיך אין פּריוואַט־אייגנטום, קאָן נאָר דורך קויפן איבערגיין אין פאָלקס־אייגנטום.) די געאָרגישע פּרינציפּן קעגן באָדן־ספּעקולאַציע דאַרפן אָנגעוואָנדן ווערן.

ב) — אידישע אויטאָנאָמיע: עס איז אַן אומוויר־וויקער צושטאַנד, וואָס איז אין סתירה מיט דער כונה און גייסט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, אז די איינוואַנדערונג זאָל רעגולירט ווערן פון דער ניט־אידישער זייט. אויב, און אין וועלכן ניט איז פאַרנעם, עס איז פאַר־דערבאַר אַ פעסטשטעלונג פון אַן איינוואַנדערונגס־קוואָטע, קאָנען עס אין דער צוקונפט באַשטימען בלויז אידישע אינסטאַנצן.

ג) — דאָס אויסשליסן עבר הירדן פון פּאַלעסטינע, וואָס איז אין סתירה צום מאַנדאַט, דאַרף צוריקגעצויגן ווערן, ווייל דעם דאַרף אָנגע־וויזן ווערן, אז די ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע אנטוויקלונג פון עבר הירדן רירט זיך ניט פון דעם מאָמענט פון אָרט, און אַז זינט עבר הירדן איז אָפּגעטיילט געוואָרן פון פּאַלעסטינע, געפינט עס זיך זייט דעמלט אין

אַ שאַרפן קאָנטראַסט צו ארץ ישראל. כדי צו דערמעגלעכן, אַז פּאַלעסטינע זאָל קאָנען בײַטראָגן אין אַן אנטשײדענער מאָס אויפצונעמען די פון אײראָפּע צו אויסוואַנדערונג געצוואונגענע אידן, איז דערצו פאָדערבאַר, ווײניקסטנס אײַנצושטעלן די אַלטע גרענעצן פונם מאַנדאַט, עפענען עבר הירדן פאַר דער אידישער קאָלאָניזאַציע און אײַנצושליסן דעם נגב.

ד) — אַראַבישע פּאָליטיק: עס דאַרף וועגן דעם אָנגעוויזן ווערן, אַז די אנטשײדנדיקע אַראַבישע פאַקטאָרן, זײַנען געווען אײַנשטימיק מיטן דאָזיקן מאָסמיטל ווי די באַלפור־דעקלאַראַציע און די קאָנסטיטואירונג פון מאַנדאַט. די רעוואָלטן, אומרוען און די אַראַבישע שטרעבונגען קעגן אײַנשטעלן די אידישע מלוכה־היים, דאַרפן אַף דער נאַציסטישער און פאַשיסטישער, אין פלוג אַנטי־ענגלישער, און ניט אַנטי־אידישער פּראָפּאַגאַנדע צוריקגעווענדעט ווערן. אַ שטאַרקער אידישער שטאַט אין נאָנטן מזרח מוז שטאַרקן די פּאָזיציע פון די אַראַבישע מלוכות.

עס איז אַ טעות אין דעם, וואָס מען איז זיך סומך, אין אויפטראַג פון נאַצי־פאַשיזם, פאַר די אַנטי־אידישע פּראָפּאַגאַנדע צוועקן, אַז די אַראַבער האָבן אַזאַ געבורטס־איבערפלוס, וואָס וועט ברענגען אין רעזולטאַט אַן איבערבאַפעלקערונג. אַלע אַראַבישע לענדער לײַדן פונקט אַזוי ווי אַ שטײגער אויסטראַליע, אַרגענטינע, דרום־אַפריקע און אַנדערע אומבאַזעצטע מלוכות אַף אַ מאַנגל אין מענטשן און דורכדעם אַף אַ מאַנגל אין אַרבעטס־כוחות. פאַר דער ווײטערדיקער אַנטוויקלונג פון די אַראַבישע לענדער וואָלט עס געווען פון גרעסטן, אפשר פון אַנטשײדענעם פאַרצוג, ווען פּאַלעסטינע, עבר הירדן און טײלן פון סיריע און איראַק וואָלטן אַרײַנבאַקומען אַ הויך־אַנטוויקלטע אידישע באַפעלקערונג. אַזוי אַרום וואָלטן די שכנישע מלוכות אומיטלבאַר דערגאַנגען צו אַ העכערער מדרגה פון קולטור אוןווירטשאַפט.

## וואַנדערונגס - באַוועגונג

דער באַוואוסטזײַן, אַז די אידן, וואָס לעבן הײַנט צו טאָג אונטער די מוראדיקסטע באַדינגונגען אין אײראָפּע, וועלן צומאָלס נאָך אַ זיגרײַכן קריג, מוזן פאַרלאָזן דעם אַלטן קאָנטינענט און זײַן געצוואונגען צו אויס־

וואַנדערן, האָט באַהערשט אַלע מוחות. עס וועט זיי בשום אופן ניט געלינגען צו ווידעראָבערן די פריערדיקע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, ווייל אייראָפּע, וועט נאָכן דאָזיקן קריג בלייבן פאַרוויסט אַף יאָרן, אויב ניט אַף יאָרצענדליקער און וועט במילא ניט זיין אומשטאַנד צו דערנערן אַזאַ גרויסע באַפעלקערונג ווי ביז איצט.

מען קאָן באַ דער איצטיקער לאַגע איבערהויפּט ניט וויסן, וויפל פון די אייראָפּעאישע אידן, וועלן איבערלעבן די מוראַדיקע פאַרפאָלגונגען. די מעשים פון די קאָזאַקן־האָרדעס אונטער כמעלניצקי, און נאָכדעם אונטער דעניקין, פּעטלורא און קאָלטשאַק, ווערן היינט מיט זייער גרויזאַמקייט ווייט איבערגעשטיגן. דער אייראָפּעאישער קאָנטינענט שטייט אין פלאַמען; רויכערנדיקע ברוך־שטיקער פון אַטלאַנטיק ביז דער וואָלגע, פון די אייזבערג אין צפון ביז די בלויע ברעג־רוימען פון מיטללענדישן ים, ווייזן דעם וועג פון די צעווילדעוועטע ראַסן־ריטער פון 20־טן יאָרהונדערט. מיליאָנען טויטע, צווישן זיי ביז היינט אַ מיליאָן אידן, ליגן דערהרגעטע איבערן דאָזיקן וועג. אוצרות פון אַן לשער׳דיקן ווערט, זייגען פאַרניכטעט געוואָרן; שטעט צעשמעטערט, וועלדער פאַרשרפהט, פאַבריקן אַ תל געמאַכט. צאָלרייכע שטחים אַקערלאַנד אַף גאַנצע יאָרן פאַר עקרות געמאַכט, שיפן אַראָפּגעזונקען, באַנען חרוב געמאַכט, אינדוסטריע צווייגן אָפּגעהאַקט. אין אַזאַ מין פאַרניכטעטער אייראָפּע, וועט ניט בלייבן קיין שום לעבנס־מעגלעכקייט פאַר די יעניקע, וואָס וועלן איבערלעבן די קאַטאַסטראָפּע. יעדעס לאַנד, וועט צוערשט, ווען אַפילו עס וועט זיין פרייהייטלעך און אידן־פריינטלעך געשטימט, אירע אייגענע אַרבעטער, פּויערים און סטודענטן, אירע אייגענע אינטעלעקטועלע און באַאַמטע באַשעפטיקן, איידער מען וועט אָנשטעלן אידישע אָנגעשטלטע, פּויערים אָדער אַרבעטער, ווען מען וועט אַפילו די אידן ווידער גלייכבאַרעכטיקונג געבן. די אידן וועלן אַזוי אַרום זיין די ערשטע, צו מוזן וואַנדערן, כדי אָנצוהויבן אַ נייעם לעבן, נאָכדעם ווי זיין האָבן אַ יאָרצענדליק אונטער געטאָ־מויערן פאַרבראַכט, און טאָג איין טאָג אויס געמוזט זען פנים אל פנים דעם טויט פאַר די אויגן. די נויטווענדיקייט צו מוזן אויסוואַנדערן וועט די פאַראַנטוואָרטלעכע אידישע פירער שטעלן פאַר אַ אומגעהויער שווערער פּראָבלעם, ווייל אָפּגעזען דערפון, וואָס עס האַנדלט זיך מכוח אַ מאַן־אויסוואַנדערונג,

אפשר פון אזא פּראָפּאָרץ וואָס איז נאָך ניט געזען געוואָרן, וועט דער אויסוואַנדערונגס־עלעמענט, וועלן די אויסוואַנדערער דאָסמאָל באַזונדערס ניט צוגעפּאַסט זיין. עס וועלן זיין יוגנטלעכע אָן א באַרוף, אָן אויסביל־דונג יוגנטלעכע, וואָס זיינען זייט יאָרן פאַרמשפּט געוואָרן צו זיצן ליידיק, סיי אין די לאַגערן פון דרום־פראַנקרייך, אָדער אין די אייראָפּעאישע געטאָס. עס וועלן זיין עלטערע לייט, וועמענס לעבנסמוט איז שוין אין ירידה, און די ענערגיע איינגעבראָכן מענטשן, וואָס האָבן שוין פאַרגעסן אין דער פרייהייט זיך צו באַוועגן און זיינען אין גוף און נשמה צעשעדיקט געוואָרן פון די איבערמענטשלעכע צרות און פּחדים. מיט אזא מין אויסוואַנדערונגס־מאַסע, וועלן מיר עס נאָכן שליסן דעם שלום האָבן צו טאָן.

אומאָפּהענגיק דערפון, וואוהין דער אויסוואַנדערונגס־שטראָם זאָל ניט א פּלייץ טאָן, איז עס איינע פון די ערשטע נויטווענדיקייטן צו שאַפן א צענטראַלן אידישן אויסוואַנדערונגס־אמט, וואָס זאָל די אויבנדערמאָנטע אויסוואַנדערונג קאָנטראָלירן, רעגיסטרירן די מעגלעכקייט פאַר איינוואַנדערונג און באַזעצן זיך, און זאָל איבערנעמען די וואַנדערונגס־באַוועגונג אינעם אינטערעס פון אויפהאַלטן דאָס אידנטום און דער פאַרזאָרגונג פאַר די יחידים אויסוואַנדערער.

אַנדערש שטייט א געפאַר עס זאָל אויסברעכן א צעברעקלטע וואַנדערונג, פון אזא פּראָפּאָרץ, וואָס מען קאָן זיך גאָרניט פאָרשטעלן, אז ווערטפולע אידישע געלטער זאָלן מוזן אויסגעגעבן ווערן אַף אריינפאַרפּאַפּירן און אין־יד־אריין־הוצאות. וואָס וועט, אין איינזעעניש מיט דער אָפּגעשוואַכטער אידישער פינאַנץ־קראַפט אָפּגעצויגן ווערן פון די קאָנסטרוקטיווע אויסגאַבן.

מיר מוזן זיך לערנען צו דענקען און האַנדלען פּאָליטיש, דאָס הייסט, זיך ריכטן לויט די מעגלעכקייטן און נויטווענדיקייטן און ניט לויט אידעאַל־פאָרשטעלונגען, עס הייסט די זאַך צו זען אזוי ווי עס איז און ניט אזוי ווי מען וואָלט עס געוואָלט האָבן. א גרויס־פּאָלעסטינע, וואָס זאָל ניט נאָר דאָס היינטיקע ציסיאָרדאַניע נייערט אויך טראַנסיאָרדאַניע, דעם נגב און דרום־סיריע ארומנעמען, וועט ניט זיין ביכולת אויפצונעמען אַלע אויסוואַנדערער. אָבער ווען אפילו עס וועט יאָ ביכולת זיין, וועט די איינצל אָדער צעשפּליטערטע וואַנדערונג דורכדעם ניט אויפהערן איבער אַלע

לענדער פון דער ערד זיך צו פאַרטיילן און דערמיט, וואָס עס דאַרף שוין אַן איבעריקן מאָל ניט דערוויזן ווערן, דעם אַנטיסעמיטיזם איבער דער גאַנצער וועלט צעשלעפּן. די אויפגאַבע פון צענטראַלן אויסוואַנדערונגס-אַמט דאַרף זיין, אַפּן פּלאַץ פון דער צעשפּליטערטער וואַנדערונג, איינשטעלן אַן אָרגאַניזירטע, פּלאַנמעסיקע, פאַרנונפטיק-רעגולירטע אויסוואַנדערונג, און לענקען עס אין אַ באַשטימטן געשלאָסענעם זידלונגס-פּלאַץ.

## קעגן דער צעשפּליטערטער וואַנדערונג

עס מוז באַקלערט ווערן, אויב און ווי אַזוי די אומרעגולירטע צעשפּליטערטע וואַנדערונג, קאָן ווערן אויסגעמיטן. עס דאַרף פון דעם געדרונגען ווערן, אַז אַנשטאַט פון אַן איבער דער גאַנצער וועלט צעשפּרייטער איינצל-וואַנדערונג פון פּליטים קומט די אויף איין ציל קאָנצענטרירטע איינוואַנדערונג אין איין געשלאָסענעם זידלונגס-געביט. די מעלות פון דער קאָנצענטרירטער וואַנדערונג, קאָן מען זען פון אויבן אויף, און זיי ליגן אויפן ווירטשאַפטלעכן, פּאָליטישן, קולטורעלן און רעליגיעזן געביטן. אויפן דאָזיקן אופן, קאָן די פאַרשלעפּונג פון אַנטיסעמיטיזם פון די אַלטע אייראָפּעאישע לענדער אין די נייע געביטן אויסגעמיטן ווערן. דאָס באַקומען דעם דאָזיקן זידלונגס-געביט, איז איינע פון די וויכטיקסטע פּאָליטישע אויפגאַבן, ווייל אָן אַזאַ מין טעריטאָריע, וועט מען ניט קאָנען דערגרייכן, אַז די מיליאָנען אידישע אויסוואַנדערער, זאָלן געראַטעוועט ווערן. נאָך די לעצטע דערפאַרונגען למשל, מיט יענע 90 אידישע פּליטים, וועלכע מען האָט צומאָלם די דורכרייזע איבער אַרגענטינע ניט באַשטעטיקט, נאָכדעם ווי מען האָט פאַר די 90 פּערזאָנען די איינרייזע קיין פּאַראַגוויי, אונטער באַזונדערע באַדינגונגען דערמעגלעכט, דאַרפן מיר קיין שום האָפנונגען אַף אַן איינוואַנדערונג, וואָס זאָל זיין ווערט צו טראָגן דעם דאָזיקן נאָמען אין דער פרייער אַמעריקע ניט לייגן.

ליידער געהערט עס צו די איינגעוואָרצלטע און טראַגישע אילוזיעס מיט וועלכע אידן טראָגן זיך נאָך היינט אויך אַרום, גלויבנדיק, אַז נאָך אַ זיגרייכן קריג, וועט די לייזונג פון אידישן פּראָבלעם, שוין

דורכן זיג פון אַליאירטע מאַכטן געגעבן ווערן. מען דאַרף אַנערקענען אַז אונזער לאַגע, ווי איבערהויפּט די לאַגע פון דער וועלט, וועט דורך דעם אַזוי האַרציק געוואונטשענעם זיג פון די אַליאירטע פעלקער זיך פאַרבעסערן; מען דאַרף אָבער געווי ניט ווייניקער צוגעבן, אַז דאַן וועלן אויפקומען נייע אומגעהויערע שוועריקייטן, פאַר וועלכע מיר וועלן נויטיק האָבן אָנצושטרענגען אַלע אונזערע כוחות. דאַן וועט זיך דער קאַמף מיט און קעגן די אַליאירטע פעלקער אָנפאַנגען פאַר אונזערע אייגענע רעכטן, פאַר אונזערע אייגענע פאָדערונגען, פאַר אונזער אייגענער צוקונפט. דאַן וועט דער קאַמף אויסברעכן דערפאַר, עס זאָל די פאַראָרעמטע אידישע מאַסן פון אייראָפּע געגעבן ווערן לעבנס־רוים. עס איז אַ פוסטע האָפנונג, אַז די אַמעריקאַנער לענדער וועלן ברייט צעעפענען זייערע טויערן פאַר אידן. וועגן דעם אַלעמען קאָן מען נאָר באַרעכטיקטערהייט די פראַגע שטעלן, צי איז גאָר דער אומגליק, דער עלנט, די נויט, די צרות, דאָס בלוט און טרערן פון טויזנטער און וווידעראַמאָל טויזנטער אידן ניט גענוג צו קאָנען פועלן, און זיינען נאָך אַלץ ווייניק צו באַוועגן די פרייע, אומבאַפעלקערטע און שיטער באַזעצטע אַמעריקאַנער לענדער אויף צו עפענען די טויערן און צו שאַפן אַן איינוואַנדערונגס־געזעצגעבונג, אַנבאַטנדיק פאַרלייכטערונגען! מען האָט אָבער בלויז שוועריקייטן געשאַפן און נייע מכשולים געשטעלט פאַר איינוואַנדערונג. אַפילו אין אַזעלכע פאַלן, ווען מענער האָבן זייערע פרויען, קינדער זייערע עלטערן און ברידער זייערע שוועסטער געוואָלט אַראָפּברענגען. דרום־אַמעריקע וועט גיכער, ווען זי וועט נייע איינוואַנדערער אויפנעמען, אַריינלאָזן שפּאַניער, איטאַליענער, פּאָרטוגעזן און גריכן, איידער אונז אידן.

דעריבער מוז טאַקע די אידישע פּאָליטיק, שוין פון פאָרויס זיך פאַרנעמען מיט די דאָזיקע פאַקטן, און אַריינטרעטן אין פאַרהאַנדלונגען מיט די ביידע אַנגלאָזאַקסישע מאַכטן וועגן באַקומען אַזאַ מין אַנטשפּרעכנדיקן געביט.

אינערהאַלב דער בריטישער אימפּעריע זיינען נאָך פאַראַן געביטן, וואָס זאָלן זיין אויסעראָרדנטלעך צוגעפּאַסט פאַרן דאָזיקן צוועק, וואָס זאָלן אויך כולל זיין די געהעריקע פאַרבאַדינגונגען, וועלכע זיינען נויטיק

פאַר דער באַזעצונג פון די אייראָפּעאישע אידן און פאַרן אויפבוי פון אַ נייעם, קולטורעל און ווירטשאַפטלעך געזיכערטן לעבן. אַלס נאַציאָנאַלע טעריטאָריע קומט אין באַטראַכט, אין דער ערשטער ריי, דרום ראָדעזיע, אַ בריטיש־אימפּעריאַלע קאָלאָניע, ווייל עס איז שיטער באַפעלקערט און איז צוגעפּאַסט קלימאַטאַריש פאַר די אייראָפּייער, ווייל עס איז נאָך מלו כהש ניט אָרגאַניזירט איבער רייכע בתולהדיקע ווערטפולע שטחים, וואָס זיינען דיספּאָנירבאַר און אויך גענוג גרויס אַף אָנצובאַטן לעבנסרוים פאַר מיליאָנען מענטשן. אגב איז שוין דער דאָזיקער געביט געהאַט אָנגעבאָטן געוואָרן פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע.

## דער הולטאָן פּלאַן

גאַנץ ווייניק איז מצד דער אידישער עפנטלעכקייט באַטראַכט גע־וואָרן אַ פאָרשלאַג, וואָס עדוארד הולטאָן, דער אַרויסגעבער פון פיל גרוי־סע צייטונגען, האָט געמאַכט אין דער לאָנדאָנער „וואָרלד רעוויו", אַרום דער לייזונג פון דער אידנפראַגע נאָכן סוף קריג. פאַרופנדיק זיך אומצוויי־דייטיק אַף דער בריטישער רעגירונג. הולטאָן לייגט דאָרט פאָר, אַז די ברי־טישע רעגירונג, זאָל צוזאָגן פאַר די אידישע מלחמה קרבנות אַ שטחים־רייכן געביט מיט לעבנסמעגלעכקייט פאַר פינף אָדער מער מיליאָן איינ־וואוינער פאַר באַזעצונג. עס ווערן אויך דערביי געוויסע געביטן אָנגע־רופן: קירענאַיקאַ מיט אַ גרעסערן חלק פון ליביע, אָדער עריטרעאַ מיט אַ גרעסערן געביט אין אַביסיניע. דער דאָזיקער פאָרשלאַג ווערט פאַרבונדן מיט אַ תנאי, אַז די אידן זאָלן נעמלעך, אַנערקענען דעם לעצטן פּאַלעסטינע ווייס־בוך. דער דאָזיקער נייער אידישער שטאַט, זאָל שטיין אין ענגן קאָנ־טאַקט מיט פּאַלעסטינע, דער גייסטיקער פאָטערלאַנד פון די אידן. און נאָך אַ איבערגאַנגס־צייט, זאָל דער דאָזיקער אידישער געביט שליסלעך פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דאָמיניע, אָדער אין אַ אומאָפּהענגיקן שטאַט מיט אַ בונד־אָפּמאַך, אַזוי ווי מער ווייניקער עגיפּטן אָדער איראַק.

עס וואָלט געווען אַ גרויסער פעלער, ווען מען לאָזט נאָך אויך איצט די אויספירונגען פון דאָזיקן באַקאַנטן ענגלישן פּובליציסט אומבאַטראַכט, ווייל אין אַזעלכע שווערע טעג, מוז יעדער פּלאַן, וואָס קומט גראַד, און

ווערט צוזאמענגעשטעלט פון דער ניט אידישער זייט, מיט דער גוטער כונה אונז צו העלפן, אונטערזוכט ווערן. מען האט שוין אפשר ביי אונז אין ווידערהאלטע פאלן, צוריקגעוויזן לייכטזיניק אנבאטן, פון וועלכע אונזערע פאליטיקער, האבן ווייניקסטנס געקאנט מאכן א נוצלעכן גרונט־תנאי פאר פארהאנדלונגען. אין צוזאמענהאנג מיט דעם דארף מען נאך דערמאנען דאס ארטיקל פון קודענהאוו קאלערדזשי, וואס איז דערשינען אין יוני 1938 אין דער זעלבער צייטשריפט „וואָרלד רעוויו".

אין דאזיקן ארויסטריט האט קודענהאוו קאלערדזשי, צווישן זיבן אנדערע, געבראכט דעם פארשלאג, איבערצוגעבן דעם געביט פון דרום־ראדעזיע פאר אידישער קאלאניזאציע. דאן איז שוין ארומגעגאנגען א השערה, אז אויך דאס דאזיקע ארטיקל איז אינספירירט פון דער בריטישער רעגירונג. אבער די אידישע פירער, האבן פון דאזיקן אנבאט ניט געמאכט קיין שום געברויך. קודענהאוו קאלערדזשיס אויספירן זיינען ניט אוועקגעשטעלט געווארן פאר די אנגייענדיקע בעראטונגען פון די אייגנלעכע אידישע קערפערשאפטן, און אויך ניט גענומען געווארן אלס סבה צו פארהאנדלען מיט דער בריטישער רעגירונג. עס איז ניט אמפלאץ, נאך אזא לאנגער צייט וועגן דעם ראיות צו ברענגען ווי נויטווענדיק, צוועקמעסיק און פארנונפטיק עס וואלט געווען א לייזונג, וועלכע זאל דערמעגלעכן די רעטונג פון א סך טויזנטער, אפשר מיליאנען נויט־ליידנדיקע אידן. אין פלוג איז אבער כדאי אפן דאזיקן ארטיקל פון קודענהאוו אנצואווייזן כדי איצט אויסצומיידן פעלערן, וועלכע מען איז שוין איינמאל באגאנגען אזויפיל צום שאדן פון אידישן פאלק.

הולטאנס ארטיקל איז כולל א רייע פארשלאגן, וואס מוזן זיך ביי אונז אנשטויסן אף א ווידערווילן. קודם כל דארפן מיר צוריקווייזן הולטאנס געשטעלטן תנאי וועגן דער אנערקענונג פון ווייס־בוך איבער פאלעסטינע. דאס וואס עס ווערט איצט געבראכט מצד די ענגלענדער אחד־העמ'ס שטאנדפונקט פון א גייסטיקן צענטער פארן אידן אין פאלעסטינע אלס פאליטישער ארגומענט און פאליטישער ציל־פונקט, מעגן עס זיך זיין אן אינטערעסאנטע היסטארישע דערשיינונג, פאר אונזער באשלום מוז עס אבער בלייבן אן באדייטונג. פאלעסטינע איז און פארבלייבט דער גייסטיקער מיטלפונקט פון אידישן פאלק. די דאזיקע אויפפאסונג דארף אבער בשום

אופן ניט באדייטן דאָס פּאַרציכטן אויף די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן וואָס פּאַלעסטינע פאַרמאָגט. דאָס גאַנצע טעריטאָריעלע פּראָבלעם וואָלט געוואָרן איבעריק, ווען אונז וועט געלינגען, צו שאַפן אַזאַ גרויסע פּאַלעסטינע, אַז דאָרט זאָל ק אָ נ ע ן לעבן דער איבערוויגנדיקער טייל פון אידישן פאָלק.

א אידישער שטאַט פון פּאַלעסטינע, וואָס זאָל אַרומנעמען טראַנס־יאַרדאַניע און די סיני־האַלבאינזל, וואָלט געגעבן גרויס געווען אויף צו באַ־פרידיקן די כלל־נויטן פון אידישן פאָלק. אַ שטאַרקער אידישער שטאַט, ווירקט אויך מיט פאַר דער באַפעסטיקונג פון דער בריטישער פּאָזיציע אין נאָענטן מזרח, וואָס ווייזט זיך אַרויס צו זיין אַ שוואַכע, באַזונדערס ווען דערגרייכט ווערן די זיכערקייט פון סועץ־קאַנאַל.

ליידער קאָן מען אָבער באַ דער קעגנוואַרטיקער און אין דער נעקסטער צוקונפט דערוואַרטעטער פּאָליטישער קאָנסטעלאַציע ניט ציילן דערמיט, אַז עס וועט געזיכערט ווערן אַ גענוגנדיקער לעבנסרוים פאַרן אידישן פאָלק אין אַ גרויס־פּאַלעסטינע. דערפאַר מוז מיט דער גאַנצער ענערגיע געפירט ווערן נעבן דער פּאַלעסטינע וואַנדערונג די באַזעצונג אויף אַ טעריטאָריע געבויט אויף נאַציאָנאַלע גרונט־תנאים.

הולטאָן האָט דאַן אַרויסגעבראַכט אַ רייע לענדער, וועלכע מען וויל איבערגיבן די אידן אויף צו באַזעצן זיך, וואָס האָבן צו דער ענגלישער אימ־פּעריע ניט געהערט, שטייען נאָך איבערהויפּט איצט ניט אונטער ענגלאַנדס אויבערהערשאַפט. קירענאַיקאַ, ליביע און אביסיניע, זיינען קריגס געביטן און געהערן צו איטאַליענישן מאַכט־באַזיץ. עס וועט זיין אָפּהענגיק פונעם אויסגאַנג פון קריג, ווער עס וועט זיין דער הערשער איבער די דאָזיקע געביטן. יעדנפאַלס, האַנדלט זיך אָבער אין טעריטאָריעס אַזעלכע ווי לי־ביע, עריטרעאַ און אביסיניע, וואָס זיינען צו שווער פאַר אייראָפּייער צו קאָלאָניזירן, וואו מען דאַרף זיך אויסשטעלן אויף ווידערשטאַנדס־גרייטע, שטאַרקע, פאָלקס־גרופּן, וואָס וועלן זיכער זיך ווען קעגנשטעלן אַ קאָלאָ־ניזאַציע פון אַן אַנדערער נאַציאָנאַלער פאָלקס־גרופּע.

זאָל מען שוין סוף כל סוף אויפהערן תמיד אונז ווידער קאָלאָניזאַציע־געביטן אָנצובאָטן פון די יעניקע וואָס יעדער ווייסט, אַז זיי זיינען אומ־באַנוצבאַר, אָדער אומצוטריטלעך. די ענגלישע מלוכה איז אַזוי גרויס, אַז

# קודשא בריך הוא, אורייתא וישראל

זהו

# י ס ו ד אומתנו

# קודשא בריך הוא, די תורה און ישראל

זענען

# אונזער נאציאנאלע ג ר ו נ ד ל א ג ע




רק בארצנו ועל יסוד האידיא־לים עתיקי־יומין שלנו ועל המסורה מאלפי שנים נוכל להמשיך קיומנו הלאומי ולחיות חיי כבוד ודרור, כצבור וכיחיד.

בלויז אויפן יסוד פון אונזער טויזנט יאָריקער טראַדיציע און אויפן באָדן פון אונזער אייגן לאַנד וועלן מיר קענען לעבן, הן אַלס פאָלק און הן אַלס יחידים, א פרייען נאַציאָנאַלן ווירדיקן לעבן.

ענגלאַנד מוז די אידן געבן אַ געביט פון איר איבערפלוס, ווען זי וויל באמת העלפן. דער פאָרשלאַג פון קודענהאָווו קאַלערדזשי צו געבן די אידן דרום־ראַדעזיע אַף צו באַזעצן זיך, דאַרף איצט איבעראַנייעם צוגעטראָגן ווערן דער ענגלישער רעגירונג.

דרום־ראַדעזיע*) איז ווי באַקאַנט אַ בריטישע קרוין קאָלאָניע, האָט אַ שיטערע ווייסע באַפעלקערונג, קיין שום אַנטוויקלטע פאָלקס־גרופן, אַ גרויסע באָדן־עשירות און אַ דערטרעגלעכן קלימאַט פאַר אייראָפייער. קאָלאָנעל פּאַטערסאָן, וועלכער איז אַ גוטער קענער פון דרום־ראַדעזיע, באַצייכנט דאָס דאָזיקע לאַנד אַלס ענגלאַנדס בעסטע קרוין־קאָלאָניע. מיר דאַרפן פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל אונז דעם דאָזיקן געביט צום אויפבוי איבערגעבן. מיר קאָנען פון דער דאָזיקער ביז איצט אומאַנטוויקלטער טעריטאָריע מאַכן אַ שטאַט, וואָס זאָל פאָרשטעלן מיט זיך פאַר אונזער פאָלק די רעטונג, פאַר דער בריטישער מאַכט אַ פאַרשטאַרקונג, פאַר אַלע פעלקער אַ באַרייכערונג.

הולטמאַנס אַרויסטריט גיט אַ שאַנס פאַר פאַרהאַנדלונגען, ווייל דאָרט קומען צום אויסדרוק צוויי וויכטיקע פּאָזיטיווע שטאַנדפּונקטן: קודם כל די מי צו העלפן די אידן דורך איבערגעבן אַ לאַנד, פון זייער שווערער סיטואַציע און האָפענונגסלאָז פאַרצווייפלטער לאַגע אין אייראָפּע; און דערנאָך דער אויפבוי פון דאָזיקן אידישן געביט אין פאַרבאַנד פון דער בריטישער וועלט־מאַכט. מיר קאָנען דערמיט דורכאויס מסכים זיין, אַז ענגלאַנד נעמט איבער דעם מאַנדאַט פאַר די ערשטע יאָרן פונעם אויפבוי, און אַז שפּעטער זאָל נאָכדעם דער דאָזיקער געביט אַלס דאָמיניע אויפגענומען ווערן, אָדער זאָל באַקומען אַ אומאָפּהענגיקייטס־שטאַנד ענלעך צו דעם פון עגיפּטן אָדער איראַק. וועלכע פאָרם פון פאַרוואַלטונג עס זאָל ניט אויסגעוויילט ווערן, דאַרף די אויטאָנאָמיע פון די אידן באַם אויפבוי פון זייער שטאַט אָדער קאָלאָניע ניט אָנגערירט ווערן. אַף די שלעכטע דערפאַרונגען וואָס מיר האָבן באַם פּאַלעסטינע מאַנדאַט דורכגעמאַכט מוזן מיר לערנען. אפילו ווען ענגלאַנד זאָל זיין דער מאַנדאַטאָר, מוז די באַשטימונגס־רעכט איבער איינוואַנדערונג ליגן אויסשליסלעך באַ

*) זע די גרינטלעכע שטודיע פון ד״ר יוסף שעקעלי „זיד ראַדעזיע” וואָס איז גלייכצייטיק דערשינען אין פאַרלאַג „עסטרעזשאַם”.

די אידישע אינסטאנצן. אונזער פארוואלטונג מוז זיין אויטאָנאָם. עס מוזן געשאפן ווערן ווייטגייענדיקע פארזיכערונגען קעגן די אָנגריפן פון דער מאנדאטן־מאכט. קודם כל מוז דער לאנדעס באָדן, אַף ווי ווייט ער געפינט זיך ניט אין פריוואטע הענט, אינעם געביט וואָס ווערט אָפגעטראָטן צום באזעצן זיך איבערגעגעבן ווערן צום אייגנטום פון אידישן פאָלק אומבאצאָלט. פרייע איינוואנדערונג — אויטאָנאָמע פארוואלטונג איבערגעבן דעם פרייען באָדן אינעם פאָלקס אייגנטום פון אידישן פאָלק, דאָס זיינען די גרונט־תנאים פארן אויפבוי פון יעדער טעריטאָריע.

מיר דארפן אָבער תמיד אָנווייזן וועגן דעם ,אַז מיר דארפן אזא געביט, וואו מיר זאָלן קאָנען לעבן, וואו עס זיינען פאראן אנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן, וואו די דורך אַלע שווערע גורל־קלעפּ, פארצווייפלטע מענטשן, דארפן ווידער שעפּן האָפענונג אַף א בעסערן לעבן.

עדוארד הולטאָנס פאָרשלאג איז אין דער געגעבענער פאָרם פאר אונז ניט אנעמבאר. עס קאָנען אָבער זיין מעגלעכקייטן צום קומען צו א פארנונפטיקער און פאר אַלע טיילן צופרידנשטעלנדיקער לייזונג. אויב דער דאָזיקער הולטאָן־פּלאן איז ניט די לייזונג גופא, וועלכע מיר דארפן, טאָ קאָן ער יעדנפאלס גענומען ווערן אַלס באזע פאר די נויטווענדיקע פארהאנדלונגען.

אָפן דאָזיקן סמך דארפן מיר פארלאנגען, אַז די נויטיקע פארהאנדלונגען זאָלן געריכטעט ווערן, באזירנדיק זיך אָפן הולטאָן־געדאנק.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם, איז כדאי אויפמערקזאם צו מאכן אַף א רעדע פון הואווער, דעם געוועזענעם אמעריקאנישן פרעזידענט. הואווער ווייזט דאָרט אָן, אַז קיין שום אָרגאניזירט לאנד, וועט ניט מסכים זיין אויפצונעמען קיין אידישע אויסוואנדערער אין מאסן, אָפן דאָזיקן סמך דארף מען אזוי ארום א טעריטאָריע, וואָס זאָל גרייט זיין פאר אירע נייע בירגער, איינגעשטעלטע אַף אויטאָנאָמיע, כדי צו באזעצן ביז צען מיליאָן מענטשן. בזה האופן זעט זיך די איינציקע מעגלעכקייט צו לייזן די אידנ־פראגע, דורכדעם וואָס מען וועט די אידישע קרבנות סקאָלאניזירן, ניט פארפלאנצנדיק דערביי דאָס פּראָבלעם גופא. מיין אייגענער פאָרשלאג,

וואָס איך האָב געמאַכט אין מיין שריפט „ארץ יהודה" (דערשינען אין 1939) איבערצוגעבן אין רשות פון די אידן אַלס מאַסן־איינוואַנדערונגס־לאַנד אַ שיטער באַזעצטע, מלוכהש נאָך ניט אַנטוויקלטע און אַ נאַציאָנאַל נאָך ניט אויסגעשפּראָכענע טעריטאָריע, געווינט דורך הואווערדם דאָזיקער דערקלערונג אַ סך באַדייטונג.

די איינהייטלעכע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג און דער איינהייטלעכער אויפבוי, אין געמיינזאַמקייט מיט פּאַלעסטינע, וועט פאַרלייכטערט ווערן דורכן פאַקט, וואָס דאָסגלייכן ווי פּאַלעסטינע, וועט דאָס דאָזיקע פּראָיעקטירטע נאַציאָנאַלע טעריטאָריע געהערן צום פאַרבאַנד פון די אַנגלאָ־זאַקסישע שטאַטן. מען דאַרף ניט אַרויסלאָזן פון באַטראַכט די אומיטל־באַרע פּאָרצונג, וואָס פּאַלעסטינע וועט באַקומען דורך אַ גרויסער נאַציאָנאַל־טעריטאָריע: אַלס גייסטיקער צענטער וועט פּאַלעסטינע האָבן אַ צו־שטראָם פון אידישע וויסנשאַפטסלייט און סטודענטן, וועלכע וועלן אַר־בעטן אַלס מעדיקער, ריכטער וכדומה אין דער נאַציאָנאַל־טעריטאָריע. די פּאַלעסטינער אינדוסטריע וועט קריגן אַ נייעם אומבאַגרענעצטן אָפּזאַץ־געביט. אויך דאָס אַראַביש־אידישע פּראָבלעם, וועט די שאַרפקייט פאַר־לירן, ווען דער אידישער וואַנדערונגס־שטראָם וועט ניט זיין אָנגעוויזן אַף פּאַלעסטינע אַליין.

זאָל מיט ווייניקע ווערטער דערביי אָנגעוויזן ווערן, אַז דער נויטי־קערוויז אויסגעברייטערטער באַזעצונגס־פּלאַן, וואָס קומט אין אַנגעזיכט פון דער גאַנצער ענדערונג פון דער וועלט־לאַגע, האָט ניט קיין שייכות צו יענע טעריטאָריאַליסטישע שטרעבונגען, וואָס האָבן מיט יאָרצענדליקער צוריק געהאַט אויפגערודערט די אידישע עפנטלעכקייט; ווייל דורך דער דאָזיקער באַמיאונג, ווערט די פראַגע פון פּאַלעסטינע־אויפבוי אַף קיין שום אופן ניט באַרירט, און גיכער געקרעפטיקט איידער אָפּגעשוואַכט.

די אוועקגעשטעלטע פראַגע זאָגט הייַנט ניט: פּאַלעסטינע אָדער אַ טעריטאָריע, נייערט: פּאַלעסטינע און אַ טעריטאָריע. די דאָזיקע קעגנ־איינשטעלונג צייגט שוין, אַז אַלע אידעאָלאָגישע דעקלאַראַציעס, אויספירן און באַטראַכטונגען, וואָס זיינען ניט פאַרבונדן געוואָרן מיט דער ניכטער־דער פּאָליטישער נויטוועגדיקייט וועגן אויפשטעלן אַ נאַציאָנאַלע טערי־טאָריע, מוזן זיך אַרויסווייזן, אַלס פולשטענדיק ממשות־לאָז ניט ערנסט און געקניפּט מיט איינזייטיקע כוונות.

# פּאָליטישע צילן

די פולסטע אונטערשטיצונג פאר „ר ו ז ו ו ע ל ט ס פ י נ ף פ ר יי ה יי ט ן" איז א געבאָט פון פּאָליטישן פארנונפט און א פליכט פון זעלבסטהילף. מיר מוזן די פּאָדערונגען פון דער דעמאָקראטיע מאכן פאר אונזערע אייגענע און צום ענערגישסטן אונטערשטיצן די מצד רוז־וועלטן פּראָקלאמירטע 5 פרייהייטן, לויט וועלכע עס איז אויסגעשלאָסן די דיסקרימינאציע קעגן א גרופּע אָדער א פאָלק, צוליב ראסן און רעליגיע אָנ־געהעריקייט, און דער אנטיסעמיטיזם ווערט אלס קולטורשאנד גע־שטעמפּלט.

מיר מוזן קעמפן פאר דער אָ נ ע ר ק ע נ ו נ ג א ל ס א ל י א י ר ט ע. די אנערקענונג אלס אליאירטע, און דורכדעם, דער אריינטריט אין דער אטלאנטיק־דעקלאראציע, געהערט צו די פּאָליטישע פּאָדערונגען, וואָס דארפן תיכף דורכגעזעצט ווערן.

די פראגע פון מלוכה־אָנגעהעריקייט מוז תיכף אויפגעקלערט ווערן. א סך טויזנטער אידן מוזן היינט באטראכט ווערן אלס שטאטסלאָזע. שוין אָפּגעזען דערפון, וואָס שטאטסלאָזיקייט גיט תמיד די לאנדעס־פעלקער די מעגלעכקייטן אָף ווילקיר־אקטן, איז דער דאָזיקער צושטאנד אומדערטרעג־לעך פאר נאציאָנאל־באוואוסטזיניקע אידן. דאָס אידישע פאָלק, האָט אויך ווי אלע פעלקער דאָס רעכט, צו געבן זיינע זין און טעכטער דעם בירגער־פּאפּיר. אזא מאָסמיטל קאָן איבעריקנס באגינסטיקן די אליאירטע גופא, וואָס וועלן דורכדעם אין אלגעמיין, צוליבן פּאָליטישן כאראקטער פון די אידן וואָס וואוינען אין זייערע לענדער זיך קאָנען אָנשפּארן אָף זיי. אזוי האָט מעקסיקע למשל דערמעגלעכט דער צענטראלער אידישער אינסטאנץ ארויסצוגעבן אריינפאָר־פּאפּירן פאר אידן, וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן אין די אקס־לענדער, וועמענס איינוואנדערונגס־תנאים זיינען פעסטגע־שטעלט געוואָרן. דאָס פּראָבלעם פון שטאטסלאָזע אידן איז כולל אזויפיל

סכנות פארן אידישן כלל אין פאָליטישן, אידייאישן און מאטעריעלן הינ־זיכט, אז די קלאָרמאכונג פון דאָזיקן פראָבלעם איז פון גרויס באדייטונג אויך פאר די אינערלעך אידישע אינטערעסן און אפילו פאר די, וואָס זיי־נען ניט אוממיטלבאר געטראָפן דערפון.

דערביי שווימט ארויף אפן זכרון, אז אידן, וואָס האָבן צוליב זייער אידישקייט געפוילט אין קאָנצענטראציע־לאגער, זיינען קומענדיק אלס פלי־טים קיין ענגלאנד, דאָרט נאָכן קריגס־אויסברוך, אינטערנירט און באַ־האנדלט געוואָרן ווי פיינטלעכע אויסלענדער, דאָס הייסט, ניט אנדערש ווי נאציסטן. עס דערמאָנט זיך דערביי, אז צווישן זיי זיינען געווען באַ־קאנטע סאָציאליסטישע און אידישע פּאָליטיקער. זאָל דערביי דערמאָנט ווערן, אז אויך אין נאָרד־אמעריקע, זיינען דייטשע אידן דערקלערט גע־וואָרן אלס פיינטלעכע אויסלענדער און אפילו נאטוראליזירטע, אָבער אין דייטשלאנד געבאָרענע אידן, זיינען ארונטערגעפאלן די פארמעגנס־באַ־שרענקונגען. זאָל דערביי דערמאָנט ווערן, וואָס פארא גרויסע מיטלען מען האָט געמוזט אָנווענדן כדי צו באפרייען די דייטשע אידן אין פאנאמא פון אינטערנירונגס־לאגערן.

דער זעלבער פאקט, וואָס עס איז ניט אונטערצושיידן מיט זיכערקייט צווישן אידן וואָס זיינען פון פריער שטאטס־אָנגעהעריקע פון די אקס־לענ־דער און פארמאסקירטע געשטאפּאָ־אַגענטן, וועלכע גיבן זיך אָן עפנטלעך אלס אידן, האָט געגעבן דער פּאלעסטינער מאנדאט־רעגירונג די מעגלעכ־קייט צו שיקן אידן אפן זיכערן טויט. זאָל נאָר דערביי דערמאָנט ווערן, אז מיטן דאָזיקן קאָמפּראָמיסלאָזן ארגומענט ווערן אידן אפן אינזל מאַו־ריציוס פארשיקט, וואו זיי קומען אום אין עלנט, די „פּאטריא" פּאסאזשירן האָבן ניט געקאָנט לאנדן אין פּאלעסטינע און די שיף איז דורך אן אויפ־רייס אונטערגעגאנגען און דערביי האָבן צאָלרייכע אידן דעם טויט געפונ־נען, אז דער דאמפער „סטרומא" האָט ניט געקאָנט צוקומען צו פּאלעס־טינע און איז געבליבן אפן וואסער מיט אזויפיל הונדערטער פּאסאזשירן.

אויך די דאָזיקע קרבנות וואָלטן געקאָנט אויסגעמיטן ווערן, ווען עס וואָלט געווען א אידישע שטאטס־אָנגעהעריקייט. וואָס וואָלט אויסגעשלאָסן יעדער אויסזעצונג קעגן דער פערזאָן פון א אידן, און וואָלט באזייטיקט דעם ביילייענדיקן חשד צו זיין אן אָנגעהעריקער פון די אקס לענדער.

אונזער שטאַטס־אָנגעהעריקייט, און דאָס רעכט פאַר דער אידישער אָנגעץ אַרויסצוגעבן די דאָזיקע שטאַטס־אָנגעהעריקייט, וועט אויך אין פּאַלעסטינע גופא, געבן צום ערשטן מאָל די מעגלעכקייט, אַז אידן זאָלן אידישע בירגער זיין, מיט אידישע פּעסער, און דורכדעם זיין אנערקענט און גלייכבאַרעכטיקט, געשיצט און געזיכערט פון וועלכע ניט איז ווילקיר אַק־טן פון וואָס פאַרא ניט איז קאָנטראָל־באַהערדן.

## פאַרגיטיקונג

די פראַגע פון פאַרגיטיקונג באַרירט בשום אופן ניט בלויז די יחיד־אינטערעסן ווייל אויך אידיש קאָלעקטיוו־אייגנטום (סינאַגאָגן, קהלה־בני־נים, ביבליאָטעקן און א. וו.) זיינען גערויבט אָדער פאַרניכטעט געוואָרן. הויץ דעם דאַרף באַם דורכזעצן די פאָדערונגען גענומען ווערן מצד דעם אנטשעדיקטן א שטייער־ענלעכע אָפּגאַבע לויט א סקאַלע־אַרטיקער פאָרם און אופן פאַרן אידישן כלל.

אונטער דער פאַרגיטיקונג דאַרף נישט בלויז אָרונטערפאַלן דער אוממיטלבאַרער שאָדן פונעם קריג זייט סעפּטעמבער 1939, נייערט אַלע רויב־אַקטן זינט דער „מאַכט־איבערנעמונג" פון די נאַצים אין יאָר 1933.

## צענטראַלע הילפס־לייסטונג

עס מוז אויסגעמיטן ווערן, אַז ווי ביז איצט, זאָלן פאַרשידענע אָר־גאַניזאַציעס זיך פּלוצלינג א וואָרף טאָן אף דער הילפס־אַרבעט, אַז עס זאָלן אויפגעבויט ווערן נייע ריזיקע אַפּאַראַטן, אַז יעדער פאַר זיך זאָל פאַרהאַנדלען אָבער מיטן זעלבן אַמט (רויטער קרייץ, קווייקער און א. וו.) דורך פאַרייניטלעכן די אָרגאַניזאַציעס וועט מען פאַרפילפאַכן די הילפס־לייסטונג.

# פֿאַרנאַכלעסיקטע פֿליכטן

די פּאָליטישע פֿירערשאַפֿט פֿון די אידן, האָט איין געביט אינגאַנצן פֿאַרזען: אין דער פֿראַגע פֿון פּראָפּאַגאַנדע. עס איז צו שטוינען, וואָס היינט איז נאָך איבערהויפּט ניט בנמצא קיין שום איינהייטלעך־געפֿירטע אידישע פּראָפּאַגאַנדע, אין די לעצטע 20 יאָר, האָבן די אידן געקאָנט לערנען, וואָס פֿאַראַ מאַכט עס ליגט אין דער ריכטיקער באַנוצונג און פֿאַרווערטיקונג פֿון אַ פֿאַרנונפֿטיק אַרבעטנדיקער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין. דער אויפֿשטייג פֿון אונזערע שונאים, די אומגעהויערע מאַכט־אויפֿהאַלטונג פֿונעם נאַציזם, וואָלט איבערהויפּט אָן דער ריזיקער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט ניט מעגלעך געווען. נייע וועגן זיינען אין דער פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע אויסגעטראָטן געוואָרן. אַלע הילפֿס־מיטלען פֿון דער מאָדערנער טעכניק, זיינען געשטעלט געוואָרן צו דינסט דער פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע: פּרעסע, ראַדיאָ, פֿילם, פּלאַקאַטן און נאָך פֿיל אַנדערע זיינען געמאַכט געוואָרן נוצלעך פֿאַר אַ פּאָליטישן צוועק. אין די ראַמען פֿון דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע, האָבן אידן געהאַט אַ אומגעהויערע באַדייטונג, ווען אַפֿילו אַ נעגאַטיווע, אַ דיסקרעדיטירנדיקע, אַ באַליידיקנדיקע, ווען אַפֿילו די ראָל פֿון דערנידעריקטן און אָנגעגריפֿענעם. אָבער די אַלע באַשימפֿונגען אין וואָרט, בילד און שריפֿט, זיינען ניט געווען בכוח אויפֿצורודערן די אידישע אינטעליגענץ, און זיינען אויך ניט געווען אומשטאַנד די גרויסע אידישע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס צו אַן אַקטיוויטעט, צו אַ ווירקזאַמער קעגנפּראָפּאַגאַנדע צו באַוועגן. עס זיינען צומאָלס פֿאַראַן אידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס האַלטן אַז זיי באַנוגענען זיך ניט בלויז מיט געלט־זאַמלונגען, וואָס דערקלערן אַז זיי האָבן פֿיל מער, פּאָליטישע צילן צו פֿאַרפֿאָלגן, אָבער צו אַ פּרעסע־צענטראַלע, זיינען אויך די דאָזיקע וועלט אָרגאַניזאַציעס ביז אַהער ניט דערגאַנגען. עס זיינען פֿאַראַן אידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען נאָך היינט אויך באַ דער

מיינונג, אַז די אידישע אַרבעט קאָן אויסגעשעפּט ווערן מיטן קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, אָבער די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס גופא, האָבן ביז אַהער קיין שום ווירקזאַמע פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט קעגן אַנטיסע־מיטיזם ניט געקאָנט אויסוויקלען, ווייל זיי הינקען־אונטער נאָך דער וועלט געשיכטע און זיי באַדינען זיך אין זייער פּראָפּאַגאַנדע מיט מעטאָדן, וואָס זיינען פאַר 20 אָדער פאַר 50 יאָרן אָנגעגאַנגען.

וואָס זאָל מען דערצו זאָגן, אַז אַפילו אויך היינט איז נאָך ניטאָ קיין אידישע וועלט־טראַנסמיסיע, וואָס זאָל דורכן ראַדיאָ איבער אַלע לענדער צעטראָגן, ניט בלויז פאַר דער אידישער וועלט, נייערט אויך אין דער ניט אידישער עפנטלעכקייט דעם יעניקן אָנזאָג־וואָרט, וואָס מיר דאַרפן: צו שטאַרקן אונזער נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, צו שטאַרקן די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון אַלע אידן אין דער וועלט קעגן דעם טאָטאַלן אָנגריף, וואָס ווערט געפירט קעגן אונז אַלעמען, צו שטאַרקן די אַכטונג פאַר אַלע אידן, וואָס איז אין די ניט־אידישע קרייזן זייער שטאַרק אַראָפּגעפאַלן.

פאַר פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע אין צייטונגען, צייטשריפטן, בראָשו־רן, ביכער, וואַנט־קאַלענדאַרן, אין בליץ־פילמען און אין אַלע מעגלעכע ראַדיאָ־סטאַציעס — זיינען ניטאָ קיין שום מיטלען און קיין שום פאָנדן.

דער בודזשעט „פּראָפּאַגאַנדע" איז ניט בלויז בא אונזערע שונאים זייער הויך, ווייל אַפילו אויך די דעמאָקראַטישע פעלקער, האָבן זיך ברייט אַרומגעזען, אַז פּראָפּאַגאַנדע איז איינע פון די שטאַרקסטע וואָפנס אין פּאָליטישן קאַמף און אַז דער דאָזיקער קריג, ווערט ניט בלויז מיט טאַנקן און קאַנאָנען, נאָר אויך מיט די נערוון, מיטן אויסזען און דער האַלטונג פון די פעלקער געפירט.

עס איז בכן זייער אַ וויכטיקע פּאָליטישע פאָדערונג וועמענס רעאַ־ליזירונג עס דאַרף געפירט ווערן אויפן שנעלסטן וועג, צו שאַפן אַ צענטראַלן אידישן אַמט פאַר פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע מיט דער אָנווענדונג פון אַלע מאָדערנע טעכנישע מיטלען.

## פינאַנסירונג

די פּאָליטישע באַמיאונזען מוזן פון לכתחילה אַזוי אָוועקגעשטעלט ווערן, אַז זייער רעאַליזירונג, ווי די דורכפירונג פון די געבראַכטע פּראָגראַם־פּונקטן, זאָל זיין פינאַנסיעל געזיכערט.

דעריבער מוז מען אויך אָפּן געבּיט פון אידישער פינאַנס־פּאָליטיק אויסטרעטן נייע וועגן, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיט די אַלטע מעטאָדן, וועט מען ווייטער ניט אָוועקגיין. ווען מען וועט זיך סוף כל סוף אַרומזען, אַז מיט געלט־זאַמלונגען, פילאַנטראָפּישע מעטאָדן פון וואוילטעטיקייט זיך ווידמען און מיט שנאָר־קאַמפּיינען וועט מען קיינמאָל די אידישע נויטליידנדע ניט ראַטעווען, און די אידישע צוקונפט ניט קאָנען אויפבויען, וועט מען דעם ערשטן שריט האָבן געמאַכט צו דער געזונטמאַכונג און פאַרן אויסקעמפן אַ פאַרנונפטיקע פינאַנץ פּאָליטיק.

דער אויפבוי פון אַ פאָלק קאָן ניט געדייען אָף געלט־זאַמלונגען, וועלכע קאָנען אין בעסטן פאַל אָף דער רעאַליזירונג פון קאָנקרעטע טייל־אויפגאַבן (אויפבוי פון אַ קאָלאָניע, שאַפן אַ מושב זקנים אָדער בית יתומים) קלעקן. פּונקט אַזוי ווי די אידנפראַגע איז לייזבאַר אין די ראַמען פון דער גאַנצער וועלט־פּאָליטיק, אַזוי איז אויך די פינאַנציעלע פראַגע פון דער אידישער וואַנדערונג און אידישן אויפבוי, בלויז אין די ראַמען פון דער וועלט פינאַנסן צו קאָנקרעטיזירן.

מען מוז וועגן דעם געפינען אַ פינאַנסיעלע לייזונג, וואָס זאָל שטימען מיט די אינטערעסן פון די געלט־געבער מאַכטן ווי מיט די אינטערעסן פון אידישן פאָלק.

דער מלוה פון דער גאַנצער וועלט, ווערט אַלץ בסדר מער און מער נאָרד־אַמעריקע. ענגלאַנדס פאַרטיידיקונגס־פּלאַן קעגן נאַציזם, ווערט בסדר אַלץ מער און מער פינאַנצירט דורך אומגעהויערע הלוואות, מצד די פאַראייניקטע שטאַטן פון נאָרד־אַמעריקע. אין דער דאָזיקער הלוואות־פּאָליטיק

מוז מען דאָס אידישע פאָלק אזוי אריינפאַסן, אז פונקט אזוי ענגלאַנד, ווי נאָרד־אַמעריקע, אַלסביידע הויפּט־מאַכטן אַף וועמענס צוזאַמענאַרבעט און פאַרשטענדעניש עס ווערט אויפגעבויט די אידישע פּאָליטיק, זאָלן זיין פאַראינטערעסירט אין אַ לייזונג פון די אידישע פינאַנס־פּראָבלעמען. וועגן דעם זאָל מען ראשית אָנבאָטן, אז די פּאַרייניקטע שטאַטן זאָל געבן פאַר ענגלאַנדס קריג־צוועק אַ הלואה, קריגס־מאַטעריאַלן וכדומה, וועמענס דעקונג עס נעמט איבער דאָס אידישע פאָלק. דורכדעם וועט דערגרייכט ווערן, אַז אין דער צוקונפט וועלן 16 מיליאָן מענטשן מער, ווי עס וואָלט געוועזן אינעם פאַל, אָן דעם דאָזיקן הסכם, אַרבעטן פאַר דער צוריקצאָלונג פון די אויסגאַבן, וואָס נאָרד־אַמעריקע האָט אָוועקגעלייגט פאַר קריגס־צוועקן. דעם אופן פון איבערנעמען די דאָזיקע הלואה, קאָן מען באַרעכענען לויט פאַרגלייכנדיקע באַטראַכטונגען פון די פאַרפליכטונגען מצד אַנדערע פעלקער. דערביי דאַרף די באַפעלקערונגס־ציפער אַלס באַזע גענומען ווערן עס מאַכט מער וויינקער אוים די העלפט פון דעם יעניקן בייטראָג, וואָס איז מצד פוילן איבערגענומען געוואָרן, ווייל די קאָפּ־צאָל פון אידישן פאָלק, באַטרעפט אומגעפער 50 פּראָצענט, פון דעם פוילישן פאָלק.

אין אַזאַ מין לייזונג מוז נאָרד־אַמעריקע זיין פאַראינטערעסירט, ווייל פאַר די געלטער וואָס זי דאַרף אויסגעבן אַף קריגס־צוועקן, לשם דער אויפהאַלטונג פון איר אייגענער דעמאָקראַטישער פאַרפעסטיקונג, און איר פּאָזיציע אין דער וועלט, וועט זי באַקומען אַ גאַראַנטיע מצד אַ נייעם פאָלק, וואָס האָט אַ שם אַלס ענערגיש, פינאַנץ־פעאיק, אַרבעטזאַם און אינטעליגענט; ענגלאַנד איז אויך אין אַזאַ לייזונג פאַראינטערעסירט, ווייל דורכדעם וואָלט געשטיגן די קריגס־אויסשטאַטונג און אירע אייגענע התחייבותן וואָלטן פאַרמינערט געוואָרן.

והשנית, קאָן דאָס אידישע פאָלק זיך דערקלערן גרייט איבערצונעמען אַ באַשטימטן טייל פון ענגלאַנדס קריגס־חוב. דורכן דאָזיקן הסכם וועלן די פּאָליטישע באַמיאונגען, גאַנץ ספּעציעל די וועגן פּאַלעסטינע און דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע, געפינען אַ שטאַרקן אָנלען. אז אויך אָן דעם דאָזיקן הסכם איז דורכצוזעצן און פאַרטרעטן פּאָליטיש די פאָדערונג אַף פּאַלעסטינע און די אויפשטעלונג פון דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע, איז מחייב די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ לעבנסמעגלעכקייט פאַר די אויסגע־

וואָרצלטע אידישע מיליאָנען־מאַסן. דורך דער דאָזיקער פינאַנס־פּאָליטיק, דורך אַן ערנהאַפטער אַריינפּאַסונג פון די אידישע קאַפּיטאַלן אינעם קריגס אָרגאַניזם, וועלן די דאָזיקע פּאָליטישע באַמיאונגען באַקומען אַ לעבנדיקווירקזאַמע אונטערשטיצונג. אַפן דאָזיקן וועג וועט עס סוף כל סוף געלינגען צו מאַכן נוצלעך דאָס אידישע געלט, וואָס איז ביז אַהער בלויז געווען געלט אין אידישע הענט, אָבער ניט נאַציאָנאַל־אידישער ווערטפּולער קאַפּיטאַל. עס קומען אין געגעבענעם פאַל אויך אין באַטראַכט די פּאַרצוגן פון „באָרג און אָרענדע”, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר גרויסע פאַרלייכטערונגען, ווייל די אידן וועלן נויטיק האָבן פיל מאַטעריאַלן, אַזוי ווי פעלד־קיכן, געצעלטן, פעלד־לאַזאַרעטן, טראַקטאָרן, אייזנבאַן און וועגבוי מאַטעריאַל וכדומה, פאַר קאָלאָניזאַטאָרישע צוועקן.

אָפּגעזען פון דעם דאָזיקן פאַר די קריגס־צוועקן וויכטיקן פינאַנסיעלן הסכם, מוז אויסגעווירקט ווערן, אַז נאָרד־אַמעריקע זאָל באַוויליקן אַ פינאַנסיעלע אויפבוי־הלואה, דורך וועלכער עס זאָל דערמעגלעכט ווערן די איבערפירונג, איינאָרדענונג און באַדן־רעגולירונג אין פּאַלעסטינע און דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע, וואָס זאָל גלייכצייטיק דינען פאַר דעם ששת ימי בראשיתדיקער בתולה־קרקע אַף פאַרבאַרייטן די קאָלאָניזאַציע און דאָרט די וועגן דורכלייגן, די אויפבוי־אַרבעטן אָנפאַנגען, אינדוסטריע שאַפן, וועגן, אייזנבאַנען, אויטאָ־שאָסייען און א. וו. דורכצופירן.

די זיכערקייט פאַר דער דאָזיקער הלואה ליגט אין דער אַרבעטסקראַפט, שאַפונגס־פרייד, און אין דעם דערפינדונגס־גייסט פונעם אידישן פאָלק. די סברה, אַז אַ פאָלק אָן אַ לאַנד, אַזוי ווי די אידן זיינען עס היינט, איז קיינמאָל ניט הלואה־ווירדיק, דאַרף פולשטענדיק אומבאַרעכטיקט זיין און ווערט אָפּגעפרעגט דורכן אָנווייזן אַפן ביישפּיל פינלאַנד, וואָס איז דער איינציקער שטאַט, וועלכער האָט נאָכן 1־טן וועלט־קריג זיינע צאָלונגען פאַר נאָרד־אַמעריקע פּינקטלעך אויפגעהאַלטן און אַלצדינג צוריקגעצאָלט, כאָטש עס האָט נאָכגעפאָלגט די אַלגעמיין איבלדיקע, קליינקעפּלדיקע „פינאַנס־פּאָליטישע” דרכים, קאָן ער בשום אופן ניט באַטראַכט ווערן אַלס ניט פאַרטרויאונגס־ווירדיק. דער פלייס און ענערגיע פון אַ פאָלק שטעלן מיט זיך פאָר אַ גרעסערע גאַראַנטיע ווי די טויטע ווערטן, וואָס

זיינער אונטערגעוואָרפן דעם טויש פון דער צייט.

אין דער פראַגע פון צוריקצאָלן די חובות, מוז מען שאַפן אַ פאַרזיכערונג פון צוויי זייטן: קודם כל, אַז גראָד די רייכערע אידן, זאָלן פון דער פאַרפליכטונג פון צוריקצאָלן זיך ניט קאָנען אַרויסדרייען, און אויף דער אַנדערער זייט איז צו געפינען אַ וועג, אַז עס זאָל דערוועקט ווערן דער אינטערעס פון די באַטייליקטע לענדער אין דעם חוב־רעגולירונג און איינמאָנונג.

עס מוז דורך אַן אינטערנאַציאָנאַלער פאַרשטענדיקונג פעסטגעשטעלט ווערן, ווער עס איז אַ איד און מוז פאַרפליכטעט זיין צו באַטייליקן זיך אין דעם אויסנאַם־ביישטייערונג פאַר אידן, וואָס זאָל אַלגעמיין איינגעפירט ווערן און דורך אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנווענץ באַפעסטיקט זיין; בזה האופן מוז מען בא דער איינמאָנונג אויף צו סלוקן דעם הלואה־חוב פאַרטאָן פאַר די אידן דעם באַטרעף פונעם פאַר זיי דינענדיקן אויסנאַם־שטייער, אַזוי אַז די שטאַטן אין וועמענס פאַרבאַנד די אידן לעבן, וועלן אין דער צונויפציאונג פון דאָזיקן אויסנאַם־שטייער יעדנפאַלס זיין פאַראינטערעסירט. מען קאָן עס גאַנץ לייכט אויסווירקן, אַז אַ געוויסער פּראָצענט־זאַץ פון דאָזיקן שטייער, זאָל פאַרעכנט ווערן אין קלירינג־אויסטויש צווישן די איינצלנע לענדער און נאָרד־אַמעריקע, אַזוי אַרום, אַז דורך דער איינמאָנונג פון דאָזיקן אידן־שטייער, וועלן די לענדער גופא האָבן מאַטעריעלע פאַרצונג. דער דאָזיקער אויסטויש ווערט דורכדעם פאַרלייכטערט און דערמעגלעכט, ווייל עס איז ניט בנמצא קיין שום לאַנד, וואָס זאָל ניט פאַר'חוב'עט זיין בא נאָרד־אַמעריקע.

דורך אַט אַזא גרויסצוגיקער הלואה־פּאָליטיק, קאָנען די מיטלען אַליין צוזאַמענגעבראַכט ווערן, וואָס זיינען אַזוי שטאַרק נויטיק, כדי צו קאָנען לייזן דעם אידישן פּראָבלעם.

## באָרג און אַרענדע

פון דעם פאָלגט נאָך, אַז אונזער רעגירונג מוז תיכף אַנטיילנעמען אין דעם „באָרג און אַרענדע", נאָכדעם ווי דער קורס פון „צאָל און נעם" איז שוין אָפּגעשאַפן געוואָרן. נאָר אונזערע „קרעמער־עקאָנאָמיסטן" גלויבן צו

קאָנען פירן אַ קריג מיט „שנאָר־אקציעס". דערמיט קאָן אָבער ניט אויפגעבויט ווערן די צוקונפט פון אידישן פאָלק. מען מוז היפּאָטעקירן די צוקונפט פון אידישן פאָלק, פונקט ווי אַלע פעלקער האָבן עס געטאָן. מען מוז אַמענדע קומען דערצו, אוועקצולייגן דעם יסוד פון ווירטשאַפטלעכן פּרינציפּ פאַר דער געשטאַלטונג פון אונזער שפּעטערדיקן ווירטשאַפטס־לעבן.

אַ וועזנטלעכער עקאָנאָמישער פּרינציפּ איז: דער יחיד דאַרף קיין שום חובות ניט מאַכן, דער פּריוואַט־אונטערנעמער מעג נעמען קרעדיט לויט זיין יכולת, דער כלל מוז אָבער זיין צוקונפט היפּאָטעקירן, וואָס גרעסער דער באַטרעף אַף אַזויפיל גרעסער דאָס פּאַרטרויען, און אַף אַזויפיל אויך גרעסער די מעגלעכקייטן פאַר אַנטוויקלונג.

אונטערן „באַרג און אַרענדע" וועלן מיר אַזויפיל פאַר אונז נעמען, וויפל נאָרד אַמעריקע וועט לאָזן אונטערנעמען. זעלבסטפאַרשטענדלעך דאַרף דער גאַנצער באַטרעף פאַרווענדעט ווערן אַמבעסטנס, לויט דער מאָס פון דער נאָרד אַמעריקאַנישער רעגירונג און גרויסבריטאַניע, אָדער לויט דער אָנווייזונג פון אַליאירטן ראַט. מיר פאַרלאַנגען ניט פאַר אונז, מיר ווילן נאָר פאַר דער דעמאָקראַטיע, פאַר גערעכטיקייט, פאַר מענטשנווירדע, פאַר די אַכט פונקטן פון דער אַטלאַנטיק־דעקלאַראַציע קעמפן. דאָס אידישע פאָלק איז געווען, איז איצט און וועט תמיד זיין אין די ערשטע רייען פון די קעמפער פאַרן אמת. מיר בעטן אָבער ניט בלויז דאָס וואוילזיין פון אונזער פאָלק אַליין, מיר אָפּפערן די צוקונפט פון אונזערע קינדער און קינדס־קינדער ביז צום דריטן און פערטן דור.

אונזער אָנבאָט איז אָן פניותדיק, ווייל מיר גיבן בלויז, און פאַרלאַנגען ניט עפּעס אַנדערש, ווי די ערע צו קאָנען אַנטיילנעמען אין דאָזיקן דערלייזונגס אַקט.

דאָס דאָזיקע איבערנעמען אַזאַ מין פאַרפליכטונג אונטער אַ חתימה דורכן אידישן פאָלק, קאָן פאַרגליכן ווערן מיט אַ טובות־וועקסל, עס איז

אומעגלעך, אז אונזער אָן פּניותדיקער אָנבאָט, זאָל אָפּגעוואָרפן ווערן. נאָרד אַמעריקע איז אגב אויך אין דעם פּאַראַינטערעסירט, אז די געלטער, וואָס זי מוז באין ברירה געבן פאַר דער רעטונג פון דער דעמאָקראַטיע און צו הילף־לייסטונג פון ענגלאַנד, ווייל זי אליין שיצט זיך דורכדעם, זאָלן דורך נאָך ווייטערדיקע 16 מיליאָן מענטשן, מיט זייער האָב און גוטס, אינטע־ליגענץ און ארבעטס־קראַפט גאַראַנטירט ווערן. געווים וועט אונזער אָנ־באָט אָנגענומען ווערן. דאַן וועלן מיר נאָכן קריג, ערשט רעכט קאָנען ארויס־שטעלן די טענה, אז דאָס אידישע פאָלק דאַרף באַקומען פאַר זיין אויפבוי אַן עקאָנאָמיש באַנוצבאַר לאַנד, צוליב וואָס עס קאָן אויך זיינע פאַרפליכ־טונגען נאָכקומען.

פּוילן, וואָס איז חרוב שטייט ביי, וועט און מוז ווייטער ארבעטן און הילף האָבן אַף צו קאָנען קומען צו זיך ווירטשאַפטלעך. ערגער וועלן מיר אויך ניט ביישטיין. גריכנלאַנד, נאָרוועגן, בעלגיע און א. וו. זיינען אויך ניט אין קיין בעסערער מערכה. וואָס די דאָזיקע לענדער מוזן מאַכן, דאָס וועלן אויך מיר קאָנען מאַכן.

באַקומען מיר גרויס־פּאַלעסטינע, דאַן איז די לאַנד־פראַגע רעגולירט, ווען אָבער דאָרט איז פאַר אונז אַלעמען קיין פּלאַץ ניטאָ, דאַן מוזן מיר האָבן די צווייטע נאַציאָנאַל־טעריטאָריע, און דערפאַר וועוענטועל איבער נעמען נאָך א טייל פון ענגלאַנדס חובות. מיט א הלואה פון 10 פּראָצענט פון דער סומע, וואָס מיר וועלן שוין האָבן איינגעמאָנט אַף די ביידע חוב־פּאַפּירן, וועט אַזוי גוט די אימיגראַציע, ווי אויך דער אויפבוי זיין מעגלעך. בא דעם אופן פונעם בייטראג, וואָס וועט מאָביליזירט ווערן פאַר קריגס־פינאַנסירונג און בא וואָס אונזער טייל וועט נאָכן פאַרשום זיין זייער ארויס־געררוקט, קאָן מען אויסשטעלן און אין אויסזיכט נעמען פאַרן אידישן פאָלק הלואה קאַפּיטאַל פאַר אויפבוי־צוועקן אזוי ווי פאַר די קריגס־ענינים פּונקט ווי עס איז באַם לאָנדאָנער אַליאירטן ראַט אנדערע פעלדער באַוויליקט געוואָרן. דער דאָזיקער הלואה־קאַפּיטאַל קאָן אין סחורה־באַטרעף און אין לייסטונגען געשטעלט ווערן צו דיספּאָזיציע. עס ווערט פאָרויסגעזען די נויטווענדיקייט פון נאָר 10 פּראָצענט פונעם נויטיקן מיטל, וואָס זאָלן

אויסגעגעבן ווערן פאר קריגס־צוועקן, און פון איבערנעמען די ענגלישע קריגס חובות, פארן ציל פון אפטרעטן א לאנד לטובת די אידן.

*

אצינד קומט די גרויסע פראגע, ווי אזוי די באצאלונג זאל נאכפאלגן. די גרויסע מאסע וואס וועט אין די ביידע אידישע לענדער ארבעטן, קאנען שטייערמעסיק איינגעפאסט ווערן. די אידן, וואס בלייבן אין די אליאירטע לענדער, מוזן נאך דעם גרויסן אפגאב, וואס זיי האבן שוין געלייסטעט, באלייגט ווערן, אויסער דעם נארמאלן דירעקטן שטייער מיט א אויסנאם שטייער פון 25 פראצענט. די דאזיקע בייטראגן זאלן צו די צינזן און דעם אמארטיזאציע־דינסט פאר אידישע שטאטס־חובות צוגעצויגן ווערן. זעבלסטפארשטענדלעך וועלן די נויטוועדיקע מאסמיטלען טרעפן וועמען, קיינער זאל זיך צוליב דעם פון די פארפליכטונגען ניט ארויסדרייען. אויך די, וואס וועלן פון אידנטום ארויסטרעטן אדער זיינען ארויסגעטראטן, אדער די, וואס שטאמען פון געמישטע, מוזן, אזוי לאנג די דאזיקע חובות באשטייען, באשטייערט ווערן.

אלס איד מוז באטראכט ווערן דורך א אינטערנאציאנאלן הסכם יעדערער, וועמענס איינער פון די זיידע־באבע, איז געבארן געווארן אלס איד. אויך אין די נייטראלע לענדער, וועט דער דאזיקער עקסטרא־שטייער זיין איינגעפירט. היות אלע לענדער, זיינען פארשולדיקט בא נארד אמעריקע, וועט דער דאזיקער עקסטרא־שטייער פון אידן איינגעגעם צו דער העלפט דינען אף צו דעקן די חובות פון באטרעפנדן לאנד, בעת דאס רעשט וועט פער קלערינג מיט דעם אידישן שטאטס־חוב פארעכנט ווערן, אדער וועט דינען פאר דער בעסערונג פון צאלונגס־באלאנס פון סחורה ליפערונגען.

עס קאן זיין אז דער דאזיקער מאסמיטל, וועט איבערפליסיק זיין, ווייל נאכן סוף קריג, וועלן ארייגטרעטן גרינטלעכע ענדערונגען אין די נאציאנאל־עקאנאמישע פרינציפן. יעדנפאלס דארף מען אוועקשטעלן א גדר, אז קיינער זאל זיך דורכן ארויסטריט פון אידנטום ניט זוכן אויסצו־

דרייען פון זיינע פארפליכטונגען, אָדער ווי אין עזרה׳ס צייטן די גבירים זאָלן אין בבל בלייבן.

די דאָזיקע רעגולאַציע איז גערעכטיק און צום האַרץ יעדן אידן. מען האָט אַזוי אָפט גערעדט וועגן „אידישן פאַרמעגן", דערביי האָט מען בפירוש פאַרזעגן, אַז דאָס איז העכסטנס „פאַרמעגן אין אידישע הענט" געווען. איצט איז די פולע שעה געקומען, ווירקלעך דעם דאָזיקן פאַרמעגן צו מאַכן צו־געננגלעך, אין פולן פאַרנעם, פאַר אידישע צוקונפט־אויפגאַבן. די סיטואַציע פון אַלע אידן צי אָרעם, צי רייך, צי אין טאָטאַליטאַרע אָדער דעמאָקראַטי־שע לענדער, איז אין איין פונקט גלייך: אומעטום קאָן דער איד פון ווייט־גייענדיקסטער גלייכבאַרעכטיקונג צו גרעסטער אַנטרעכטונג אין דער קורצסטער צייט דערגיין, דאָס האָט געגוג דייטלעך דערוויזן יעדער איינעם די אַנטוויקלונג פון די לעצטע צוואַנציק יאָר. די דאָזיקע באַזונדערע לאַגע פון די אידן, פאַרלאַנגט באַזונדערע מאָסמיטלען. אַלץ ווייטער ווערט עס בסדר קלאָר, וואָס גרעסערע קרייזן פון ניט־אידן, אַז עס קאָן ניט זיין קיין ווירקלעכער דויערהאַפטער פרידן אָן דער לייזונג פון דער אידנפראַגע. די לייזונג דאַרף מצד אונז פאָרגעשלאָגן און דורכגעפירט ווערן. עס איז אַ זייער שווערער, אָבער אַ באַהערשבאַרער פּראָבלעם. מיר מוזן שאַפן אַלע מעגלעכקייטן, אַז אַלע אידן זאָלן קאָנען גיין אַהיים.

## רעזומירונג

1. — די אידנפראַגע, איז צוליב דער פאַרענדערטער וועלט־לאַגע ניט מער צו לייזן מיט די אַלטע מעטאָדן און פּאַרטיי־רעצעפּטן.

2. — די אידנפראַגע, איז אַ פּאָליטישער פּראָבלעם, וועמענס לייזונג עס ליגט ניט נאָר אין אינטערעס פון אידישן פאָלק, נייערט פון אַלע פעלקער, וועלכע האָבן דערביי אַ פאַרפליכטונג, באַ אַ קומענדיקן פרידנס אויסגלייך צו דערפירן צו אַ צופרידנשטעלנדיקער לייזונג אינעם אינטערעס פון דויערנדיקן פרידן.

3. — כדי צו קאָנען אָנפירן אַ דערפאָלג־צוזאָגנדיקע פּאָליטישע אַקציע, איז נויטיק, אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די מאַסגעבנדע פּערזענלעכקייטן און אָרגאַניזאַציעס, וואָס פירן אָן מיטן אידישן לעבן, שאַפן פון זיי אַן אייני־הייטלעכע רעפּרעזענטאַנץ און נאָך אַ קעגנזייטיקן ישוב הדעת אַ פּאָליטישע פּראָגראַם צוזאַמענשטעלן.

4. — די אייניקונגס־אָרגאַניזאַציע פון אידישן פאָלק, איז די אידישע אַגענץ, וועלכע איז דורך אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן אַנערקענט געוואָרן. זי באַשטימט די פאַרטרעטערשאַפט פון אידישן פאָלק פאַר דער פרידנס־קאָנפערענץ, צענטראַליזירט אַלע אידישע אַרבעטן כלפּי פנים, און איז די איינציקע אידישע אינסטאַנץ, וואָס פירט פאַרהאַנדלונגען כלפּי חוץ.

5. — עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ צענטראַלע אידישע פאָלקס־רעגירונג, וואָס איז אַליין באַרעכטיקט, אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון אידישן פאָלק, צו פירן פאַרהאַנדלונגען, צו שליסן פּאַקטן און בונדן.

דער פּרעזידענט פון דער אידישער פאָלקס־רעגירונג, זאָל דורכן גרעם־מין דעמאָקראַט פון אונזער צייט, פראַנקלין ד. רוזוועלט אָנגערופן ווערן.

אין פאַרלויף פון דער פאַריינהייטלעכונגס־אַקציע, ווערט געשאַפן פאַר דער רעטונג פון די אידישע מאַסן, אַ צענטראַלער אידישער וואַנדערונג־אַמט, אַלס קאָנטראָל־אָרגאַן פאַר דער אידישער וואַנדערונגס־ באַוועגונג.

דאָס גאַנצע הילפסווערק, ווערט אין איין אינסטאַנץ קאָנצענטרירט, און די אינטערנאַציאָנאַלע אידישע פראַגן, דורך איין אָרגאַן געפירט און זייער לייזונג צוגעגרייט.

7. — די תיכפדיקע פּאָליטישע פּראָגראַם נעמט אַרום:

א) פּאַלעסטינע;

ב) די נאַציאָנאַלע טעריטאָריע;

ג) די פולסטע אונטערשטיצונג פאַר רוזוועלטס 5 פרייהייטן;

ד) די פאַרגיטיקונג פאַרן שאָדן וואָס איז די אידן פאַרשאַפן געוואָרן;

ה) די צענטראַליזירטע הילפס־לייסטונג פאַר די נויטליידנדיקע אידן.

8. — די אַנערקענונג פונעם אידישן פאָלק אַלס אַליאירטער פון די דעמאָקראַטישע מאַכטן, וועלכעס פאַרזיכערט זיין אַנטייל אַלס מיטבאַשטימענדער פאַקטאָר אין דער פרידנס־קאָנפערענץ, איז איינע פון די אַנטשיידנדיקסטע פאַרבאַדינגונגען אַף צו קעמפן מיט אַלע מיטלען פאַר דער דורכזעצונג און דערגרייכונג פון די פּאָליטישע צילן.

9. — די פינאַנסירונג פון די אידישע רעטונגס און אויפבוי־אַקציעס דורך אַ מאָדערנער הלואה־פּאָליטיק (אָנשלוס אינעם „באָרג און אָרענדע"), דאַרף דורך אַנטשפּרעכנדיקע פאַרהאַנדלונגען געפירט און רעאַליזירט ווערן.

## שלוס־באַטראַכטונג

אויס דער גאַנצער סכעמע פון די אידישע פּראָבלעמען, וואָס נויטיקן זיך אין אַ דרינגנדער לייזונג, צוליב דער ממש קיינמאָל ניט געדאַכטער נויט פון אונזער פאָלק, זיינען די וויכטיקסטע פּאָליטישע פראַגן אַרויסגעשטעלט געוואָרן. עס זיינען צוגעגרייט געוואָרן פּאַרשלאַגן וועגן דער רעטונג פון אונזער פאָלק פון זיין טיפן עלנט. איין זאַך דאַרף מען היינט פעסטשטעלן: מיט די אַלטע מעטאָדן, קאָן עס אַזוי ווייטער ניט גיין. אַ דורכפאַל אַף אַ דורכפאַל באַצייכנט דעם וועג פון דער אידישער פּאָליטיק, במשך פון לעצטן יאָרצענדליק. דאָס איז מחייב אַף דעם צו לערנען און מיט מוט און מיט אַנטשלאָסנקייט אַף נייע וועגן זיך צו לאָזן. עס איז מחייב זיך צו באַפרייען פון די ווידערהאַלטע דאָגמאַטישע פאַרשטעלונגען, וואָס ווייזן זיך היינט אַרויס צו זיין דער גרעסטער מכשול און שווערסטער

באַלאַסט. מען מוז אָן שום איינזעעניש כלפי איינצלנע פּערזאָנען און גרו־פּירונגען, באַפרייען דאָס אידישע לעבן פון אַלע שלעק, וואָס האַמעווען דעם פאָרשריט און די בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג. מען דאַרף סוף כל סוף אַרויסקריכן פון דער קליינלעכער פּאָליטיק, וואָס שטעלט זיך צופרידן מיט טייל־דערפאָלגן. כדי צו ווידערהאָלן אין אַ ביישפּיל: מען קאָן קיין לאַנד ניט אויפבויען, קויפנדיק מיזאַם דעם באָדן דונאַם נאָך דונאַם; מען מוז פאַרלאַנגען, אַז דאָס לאַנד, וואָס געהערט צום אידישן פאָלק, זאָל אים צום אייגנטום איבערגעגעבן ווערן, און ניט אַז די ענגלישע רעגירונג זאָל זיך לאָזן באַצאָלן פאַרן באָדן, וואָס געהערט גאָרניט צו איר. דאָס זעלבע גילט פאַרן אייגנטום־איבערגעבן פונעם באָדן פון דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע, וואָס דאַרף פאַרלאַנגט ווערן, ווען גרויס־פּאַלעסטינע וועט באַם סוף פון דאָזיקן קריג ניט איבערגעגעבן ווערן דעם אידישן פאָלק. אויך דער דאָזי־קער באָדן מוז, אַף ווי ווייט ער איז ניט קיין פּריוואַט אייגנטום, תיכף איבערגיין אינעם נאַציאָנאַלאייגנטום פון אידישן פאָלק, און קאָן ניט און דאַרף ניט שטיקלעכווייז געקויפט ווערן. דאָס וואָס עס גילט פאַר דער פראַ־גע פון באָדן־פּאָליטיק, גילט פאַר אַ ל ע פּאָליטישע פראַגן. מען מוז זיך באַפרייען פון דער בעטן און בעטל־מענטאַליטעט און זיך מיט מוט אָנעמען פאָדערונגען אַרויסצורוקן, וועלכע זיינען גערעכטיק דורכן פאַקט פון דער עקזיסטענץ פונעם אידישן פאָלק. דאָס לעבנס־רעכט פון אונזער פאָלק דאַרף פון קיינעם ניט באַטראַכט ווערן אונטער אַ ספק, אויך ניט מצד דעם אידן גופא.

דאָס דאָזיקע זשאָנגלירן פון אויסגעשטרעקטן האַנט מוז אויפהערן. אַ שטאַרקע פירערשאַפט וועט אויך מיט פאַרטרויען פון פאָלק געקרעפטיקט זיין, יענץ פאָלק, וואָס האָט דער וועלט די ביבל געשענקט און האָט דורכ־דעם דעם גרעסטן ביישטייער געגעבן פאַר דער קולטור פון דער מענטשהייט געבראַכט. דעם דאָזיקן פאַרטרויען, וועלן זיך אָבער בלויז די יעניקע דער־ווערבן, וואָס וועלן אויפטרעטן ווי פּאָליטיקער און וועלן זיך אָן אָפּהאַלט פאַר די רעכטן פון זייער פאָלק איינשטעלן.

פּאַלעסטינע באַוואוינען היינט 600.000 אידן. עס קאָן אין דעם קיין שום ספק ניט זיין, אַז דאָרט זיינען נאָך פאַראַן מעגלעכקייטן פאַר איינעם ביז צוויי און אפשר אויך מער מיליאָן נפשות. יעדערער מוז אָבער ווייסן,

אז די גרונט־תנאים זיינען איינגאנצן דורך די חלוצים געשאפן געווארן, פון די וואס האבן מיט זייער ארבעט דאס לאנד אויפגעבויט און דערמעגלעכט די נייע מאסן־איינוואנדערונג. מען האט נאך ניט באגריפן, אז ארבעט אליין און נאר ארבעט שאפט קאפיטאל און לעבנסמעגלעכקייט.

ראשית כל זאל יעדערער וויסן, אז נאר דער יעניקער פירער וואס פארמאגט צו געבן א פאזיטיוון ענטפער אויף אונזערע פראגן איז ראוי פאר אזא שווערער אויפגאבע. גאנץ באזונדערס, מוז ער זיין ביכולת צו פארענטפערן די פראגע, וואוהין די אלע אידן, וואס זיינען אין קאנצענטראציע־לאגערן און געטאס איינגעשפארט, זאלן גיין נאכן קריג. אונזער קארדינאלע פראגע איז, וואס וועט ווערן מיט די דאזיקע אכט מיליאן אידן, וואס מוזן פארלאזן אייראפע און וועלכע קאנען אין א קורצער צייט אונטערגעבראכט ווערן. פאר זיי אלע גילט איין אויסוועג, א היים צו שאפן, וואו זיי זאלן ווירקלעך קאנען לעבן, וואו עס זיינען פאראן די עקאנאמישע גרונט־תנאים צו בויען א גליקלעכע אידישע צוקונפט אין ארבעט און פרייהייט. בלויז דער וואס פארמאגט צו געבן אף די אלע פראגן א בעסערן ענטפער ווי דעם וואס ווערט אין מיינע אויספירן ארויסגעבראכט, האט דאס רעכט מיינע פארשלאגן אפצוואווארפן.

צום שלום וויל איך בעטן אלע פאראנטווארטלעכע אידישע פירער, לשם זייער חשבון הנפש, נאכאמאל אין קאפיטל כ״ג ירמיה אריינצוקוקן.

# צוגאַב

נאָך אַלעמען גיב איך אָן איבערזיכט איבער מיינע אַרטיקלען, וואָס זיינען דערשינען אין „יודישער וואכענשאו״ און אין אידישער, שפּאַנישער און ענגלישער איבערזעצונגען, וועמענס וועזנטלעכער געדאַנקענגאַנג עס איז צוזאַמענגעקניפּט אין דער דאָזיקער בראָשור.

יאָרג.: 1. נומ. 11 5 יולי 1940 — גערעכטיקייט פאַר ישראל.

14 25 יולי 1940 — דאָס פּליטים־פּראָבלעם אין ריכטיקן שיין.

2. 53 25 אַפּריל 1941 — פינאַנס פּלאַן פאַרן אויפבוי פון אַ אידישער טעריטאָריע.

60 13 יוני 1941 — געדאַנקען צו דער אידיש־פּאַן־אַמע־ריקאַנישער קאָנפערענץ אין מאָנטעווידעאָ.

61 20 יוני 1941 — נאָך אַ וואָרט צו דער קאָנפערענץ.

65 8 יולי 1941 — ענגלאַנד רירט זיך.

70 22 אויגוסט 1941 — אַן אָפן וואָרט.

74 19 סעפּטעמבער 1941 — די אידישע אַגענץ.

76 3 אָקטאָבער 1941 — דער נעקסטער שריט.

79 24 אָקטאָבער 1941 — די אידישע פאָלקס־רעגירונג.

81 7 נאָוועמבער 1941 — פון מאָנטעווידעאָ ביז באַל־טימאָר.

84 28 נאָוועמבער 1941 — באַלפור־דעקלאַראַציע — רוז־וועלט־דעקלאַראַציע.

86 12 דעצעמבער 1491 — זעלבסטהילף איז נויטיק!

3. 89 1 יאַנואַר 1942 — פאַרוואָס נייע וועגן?

93 30 יאַנואַר 1942 — מעגן מיר דענקען?

97 27 פעברואַר 1942 — דער אידישער נאַציאָנאַלראַט.

105 24 אפריל 1942 — דער אידישער איד.
109 22 מאי 1942 — הרצלס אידעאל.
116 10 יולי 1942 — פיר מאל וו.

ווי די טאבעלע גיט אן זיינען מיינע פארשלאגן געמאכט געווארן אין אזא צייט־אפשניט, בעת עס האט נאך קיינער ניט געדענקט צו פאדערן די אויסברייטערונג פון דער אידישער אגענץ, אריינציענדיק אלע קרעפטן און יעדער מין שאטירונג. די שאפונג פון א צענטראלן אויסוואנדערונג־אמט און אויך גאנץ באזונדערס די אנערקענונג פון אידישן פאלק אלס אליאירטן און זיין באטייליקונג אינעם „בארג און ארענדע". עס באדייט נאך ניט קיין שום באגנוגענונג פאר מיר, וואס מאנאטן נאך מיין פאר־שלאג וועגן „בארג און ארענדע", האט ניט קיין קלענערער, ווי דער נאוד אמעריקאנער סענאטאר וואגנער דעם זעלבן פארשלאג געמאכט, אדער וואס לארד וועדזשוואוד פאדערט איבערצוטראגן דעם מאנדאט פון ענגלאנד אף נארד אמעריקע, (פארג. מיין ארויסטריט באלפור־דעקלאראציע — רוז־וועלט־דעקלאראציע). א באגנוגענונג וועט עס פאר מיר ערשט זיין, ווען איך וועל אין מיין קאמף לשם דער רעטונג פון אידישן פאלק סוף כל סוף זען, אז אפילו אויך די אידן גופא פאסן אויף קלאר די פאליטישע תנאים און האבן דעם מוט אוועקצוגיין פון אלטע וועגן, אין א צייט־אפשניט, ווען די גאנצע וועלט שפאנט אף נייע שליאכן, בעת מיר קלאמערן זיך רק פאר־שמארט און אומבאוועגלעך אין לאנג פארעלטערטע פרינציפן. אונזער מי, און אונזער ארבעט וועלן זייער באלוינונג געפינען, ווען די אידישע פירער־שאפט וועט זיך אויך אנטשליסן איבערצוגיין פון די פריש־געוואונענע דערקענטענישן צו מוטיקע מעשים, און וועט מיטן באוואוסטזיין פון אחריות פאר אונזער ליידנדיקן פאלק אונטערנעמען די נויטווענדיקע שריט צו רעטן אלע אידן.

# באמערקונגען אונטערוועגנס

(פון דער „יודישע וואכענשאו", 3, 119 פונעם 13 יולי 1942)

נאך כמעט א חודש ווײלן אין צפון פון ארגענטינע, וואלט איך זיך ווידער צוריקגעקערט צו מײן פריערדיקער באליבטער עובדה און עפעס וועגן ווירטשאפט־פראגן געשריבן. אבער דער עצם־הענין, וואס אונזער גורל אלס אידן ווערט כסדר טרויעריקער, לאזט מיר א רגע קײן מנוחה ניט. די דאגות פאר אונזער עתיד ווילן עס ניט צולאזן, אז איך זאל רואיק און מיט ישוב הדעת ווי א פרייער מענטש מײנע אײנדרוקן ארויסברענגען.

איך האב מיר געהאט פארנומען אפצוכתבענען מײנע אײנדרוקן אי־בער צפון ארגענטינע, יענעם היסטארישן באדן פון ארגענטינע, וואס רעגט אן צו באמערקונגען איבער דער מיליע פונעם „אינטעריאר", איבער זײן ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג, איבער זײנע גרויסע צוקונפט־מעגלעכקייטן, איבער זײן געשיכטע. אבער דער דאזיקער ארטיקל וועט טאקע ווידער א אידיש־פאליטישער ווערן, ווײל מײנע רעיונות, זײנען אזוי טיף פארבונדן מיט אונזערע פראגן, און די פארדאגהטקייט וועגן עתיד פון אונזער פאלק, ניין, וועגן אונזער אײגענעם עתיד, לאזן בא מיר ניט אנטשטײן מיט נחת רוח קײן שום אנדערע רעיונות.

בא דער פארסמטער אטמאספער, וועלכע ניט יעדערער וויל לײדער אנערקענען, צי דאס איז מחמת מאנגל אין שארפזין, צי דאס איז מחמת פחדנות, אדער אפילו מחמת עגאיזם, פיל איך מיר מתחייב, זיך אלץ איבערטענסיווער פאנאנדערצעקלויבן מיט אידישע פראגן.

יעדער מאל ווען איך קער זיך צוריק פון א לענגערן ווײלן אין אינערן פון לאנד, אדער פון א רײזע איבער נאך ניט אינגאנצן באזעצטע געביטן, נעמט מיך ארום א טיפע עצבות. איך מוז זאגן צו זיך אליין, אז מיר אידן, זײנען אליין און אײנציק שולדיק אין אונזער טרויעריקן מזל, און

מיר מוזן צוגעבן, אז גאָט און זיין משפּט איז גערעכט. מיין ווײַלן אין דרום פון אַרגענטינע, די לאַנגע רייזעס דורך טשילע, די אויספלוגן אין די פאַרשידענע טיילן פון בראַזיל און איצט מיין רייזע אין צפון פון אַרגענטינע, דערוועקן אין מיר תמיד די זעלבע מחשבות, תמיד דעם זעלבן עגמת נפש.

לאַנג זיינען די רייזעס אין אַרגענטינע. אין איין טאָג דערגייט מען ניט ביזן דרום און ניט ביזן צפון און ניט מיטאַמאָל ביזן מערב. עס זיינען מאָקע ניט יענע גרויסע בתולה־שטחים ווי אין בראַזיל, וואו מען רעכנט זיך שוין איבערהויפּט ניט מער מיטן ראָד, וואו דאָס פליגל מוז פאַרקירצן די דיסטאַנצן. אין אַרגענטינע שטייען מיר גראָד אָפּ גרענעץ פון דער דאָזיקער נויטווענדיקייט, די דרום טעריטאָריעס בכל אופן אויסגעשלאָסן.

וואָס ווייטער מען לאָזט זיך אַוועק פון די אומגעגנטן פון דער הויפּטשטאָט, אַף אַזויפיל מוז מען תמיד אַלץ מער אָן שוועריקייטן פעסטשטעלן, ווי אומעטום פעלן זייער מענטשן דעם לאַנד. ווי גערעכט איז געווען דער גרויסער אַרגענטינער אַלבערדי, וואָס האָט אַרויסגערוקט דאָס שלאַגוואָרט: „ר ע ג י ר ן ה י י ס ט ב א פ ע ל ק ע ר ן”.

ווען מען באַטראַכט די ריזיקע אומבאַפעלקערטע שטחים קאָן מען זיך ערשט אַרומזען, ווי גרויסאַרטיק עס איז אומעטום דאָרט, וואו דאָס לאַנד איז געדיכטער באַזעצט, די אַנטוויקלונג גייט אין אַ קורצער צייט פון זיך אַליין אין דרום, אינעם ריאָ נעגראָ טאָל, אין מערב אין דער סבבה פון מענדאָסאָ אָדער סאַן כואַן, אָדער אין צפון אין טוקומאַן. ערשט איצט זעט מען זיך רעכט אַרום, וואָס פאַראַ אומפאַריכטבאַרן היזוק עס איז פאַרשאַפן געוואָרן די נאָך ניט באַזעצטע און אומבאַפעלקערטע געביטן, דורך די חטאים פון עגאָיסטישן צייטגייסט.

קעגן דעם רצון מוז מען טראַכטן וועגן די נויטן און שוועריקייטן, וועלכע זיינען גראָד איצט אַנטשטאַנען, אין אַ לאַנד, וואָס לעבט אונטער ענלעכע תנאים און אַנטוויקלונגען, נעמלעך אויסטראַליע. ווייל אויסטראַליע האָט געטריבן אַ פולשטענדיק פאַלשע באַפעלקערונגס־פּאָליטיק, איז עס געבליבן מענטשן־לער און וואָלט היינט, אָן נאָרד אַמעריקעס הילף, שוין לאַנג פון די יאַפּאַנער פאַרפלייצט געוואָרן. אַ פרייע איינוואַנדערונג

וואָלט פועל יוצא געווען פרעמדלענדישע אַרבעטס־קרעפטן פאַר דער באַ־
ווירטשאַפטונג און באַזעצונג, מאַכנדיק עס אויך בכוח צו אינדוסטריאַליזירן
און פאַרטיידיקן.

לײדער האָט אויך אַרגענטינע פאַרזוימט די בעסטע צייט פון איר
געשיכטע, כדי לויט דער מאָס פון איר רומרייכן פאַרנעם צו אַנטוויקלען
איר ווירטשאַפטלעכע מאַכט, וואָס וואָלט פון איר אַ נאָך פיל איינפלוס־
רייכערע מלוכה געקאָנט מאַכן. מען האָט פאַרגעסן, אַז דאָס גרעסטע עשי־
רות פון אַ לאַנד ליגט אין דער געשולטער אַרבעטסקראַפט, און אַז יעדער
איינוואַנדערער איז ניט בלויז אַ פּראָדוצירער, נאָר איז אויך אַ קאָנסומענט.

נאָרד אַמעריקע איז גרויס געוואָרן דורך דער איינוואַנדערונג פון
1848־1814. און דאָס איז פאַרשטענדלעך. ווייל נאָר מענטשן, וואָס זיינען
אומצופרידן מיט זייער אייגענער סיטואַציע, צי איז עס אין פּאָליטישן,
אָדער אין ווירטשאַפטלעכן הינזיכט, מענטשן, וואָס האָבן בטחון אין גאָט
און אין זיך אַליין און דעם מוט אַ נייעם לעבן אָנצוהייבן, לאָזן זיך צוועק
אויף עמיגראַציע און מענטשן פון דאָזיקן מין, העלפן דער נייער היימלאַנד
צו אַ גיכער ווירטשאַפטלעכער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג. (די צאָל פון
די וואָס זיינען ניט שוה בשוה מיט דער געזעצגעבונג איז זייער אַ קנאַפּע;
אַגב זיינען די אור־איינוואוינער פונעם שטאָלצן אויסטראַליע געווען פאַר־
שיקטע, און די קאָנקיסטאַדאָרן פון דרום אַמעריקע, זיינען געווען אַלץ,
נאָר ניט קיין ווינטשנסווערטע עלעמענטן.) זייער כאַראַקטעריסטיש איז
אויך פאַר דעם למשל דער איינפלוס פון דער איינוואַנדערונג אין אַר־
גענטינע פון 1932־1919. אין דער דאָזיקער עפּאָכע האָט אַריינגעשטראָמט
אַ שטאַרקע מיטל־אייראָפּעאישע איינוואַנדערונג. אָן שום ספק קאָן אַר־
גענטינע זייער פיל פאַרדאַנקען דער דאָזיקער איינוואַנדערונג, ווייל אָט
די איינוואַנדערונג האָט געשאַפן גרויסע אינדוסטריעס און אין אַ שטאַר־
קער מאָס ביינעטראָגן צו דער סאָציאַלער און געזעלשאַפטלעכער אַנט־
וויקלונג.

אָן אומזיניקע פּראָפּאַגאַנדע פּרוּווט היינט צו פאַרסמען דעם אמתן
דעמאָקראַטישן און ליבעראַלן גייסט פון אַמעריקע. ווי ווייט מיר זיינען
עס פון יענער איינשטעלונג פאַרקראָכן, וואָס זשאָרזש וואַשינגטאָן האָט
פאַר אַ אידישער דעלעגאַציע, וועלכע האָט אים געוואָלט באַדאַנקען פאַר

זיין טאָלעראַנץ, דערקלערט: „אין אַמעריקע זיינען ניטאָ קיין שום טאָלערירער און טאָלערירטע. יעדער יחיד, יעדער נאַציאָנאַלער קבוץ, יעדע וועלט־אַנשויאונג, האָבן די זעלבע רעכטן ווי מיר גופא". דער דאָזיקער גייסט פון אַמעריקע, האָט אַמעריקע געלאָזט גרויס ווערן. די גרויסע פרייהייט האָט פון אַמעריקע אַ שמעלץ־טאָפּ פון פעלקער געמאַכט. נאָר שנאה צעטיילט די פאַרשידענע פעלקער־גרופּן און שאַפט אָנגעצויגנקייט. אַרגענטינע און טשילע, וואָס פאַרבינדן דעם לאַטייניש גייסט מיט די גרויסע אידעאַלן פון אַמעריקע, ליפערן דעם באַווייז פאַר דעם, אַז די איינוואַנדערונג, קאָן אפילו אין זיך איינזויגן די אור־באַפעלקערונג. מיר אידן ווייסן אַמבעסטן, אַז חוץ אונזערע אידעאַלן, האָט דערצו בייגעטראָגן די שנאה פון אונזערע שונאים, אַף צו דערהאַלטן אונז אַלס פאָלק במשך לאַנגע יאָרטויזנטער גלות, אויך אָן אַן אייגן לאַנד, און אונזער אייגנאַרטיקייט צו באַוואָרענען.

אַז דאָס פאַרשטאָפּן די איינוואַנדערונג איז געווען אַ גרויסער פעלער, ווייזט זיך גאַנץ בפירוש אַרויס פון דעם, וואָס היינט קאָן די באַרגבויעריי און די מינען־אינדוסטריע אין צפון פון לאַנד זיך ניט אַנטוויקלען, צוליבן מאַנגל אין צוגעפּאַסטע אַרבעטסקרעפטן. מען קאָן זיך אָן שווערי־קייטן פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ אומגעהויערע אַנטוויקלונג עס וואָלט מעגלעך געווען, ווען די אַסטוריאַנישע און וואַסקישע ספּעציאַליסטן וואָלטן געווען אין אַרגענטינע און ניט אַף די בית עלמינס פון די קאָנצענטראַציע לאַגערן פון פראַנקרייך. פון דער אַנדערער זייט, איז אינעם צפון ניטאָ די צווייטע ווירטשאַפט־חולאת: דער שטעכל־דראָט. אַרגענטינעס גאַנצע ווירטשאַפט־אַנטוויקלונג און פונדאַמענטירט אַף אַן אַנטוויקלונג „פון אויבן אַף אונטן". מיט דער הילף פון ביליקע הלוואות פונעם היפּאָטעקן־באַנק קאָנען גרויסע לאַנד־שטחים פאַר אַ שיבוש געלט פוסטעווען לשם ספּעקולאַציע צוועקן. די דאָזיקע שטרעקעס ווערן פונקט ווי קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט שטעכל־דראָט אַרומגעצוימט.

„פון אויבן אַף אונטן", ווערט אויך אַנטוויקלט דער רייזע־פאַרקער. אין אייראָפּע זיינען אַלע פאַרבאַדינגונגען פאַרן מאָדערנעם רייזע־ פאַרקער אַנטוויקלט געוואָרן דורך פוסגייער נאָך פון די צייטן פון וואַנדער־בעלי

מלאכות, וואו כסדר האט מען אלע באדינגונגען מער און מער אויסגעבעסערט. אין ווייניק באזעצטע לענדער איז די דאזיקע פארם ניט מעגלעך, אט א דא ווערן ראשית כל די אויטא שאסייען און טוריסטן האטעלן געבויט; דאן ווערט ערשט דער פארקער פאוואליע פאר די ווייניקער באמיטלטע איינוואוינער צוגענגלעך געמאכט. (אגב ווערט ליידער פארן גוטן צוועק א ווייניקער גוטער מיטל אויסגעקליבן די תשוקה צו אזארד שפיל, אריינגערעכנט).

אין צפון האט דער שטעכל־דראט נאך ניט דערגרייכט זיין ממשלה. דא זיינען נאך פאראן גרויסע מלוכה־שטרעקעס אן קונים־אנבאטער. ווי א יוצא מן הכלל זעט מען נאר קליינע לאנד־פלעקן, וואו עס איז פאראן א סימן פון קולטור. די אורואיינוואוינער, די אינדיאס לעבן זייער פרימיטיוו. דאס רוב, בפרט פון עלטערן דור, זיינען אנאלפאבעטן. זייער א סך קומען אריבער פון באליוויע, און זיי דערמאנען מיך אן די דרוזן און נאמאדן־מורדים אין ארץ ישראל, וואס פלעגן כסדר אין גרעסערע מאסן אריינקומען, קענן וואס די ענגלישע באהערדן האבן גארניט אונטערגענומען, דאקעגן האט די מאנדאטן־מאכט א שרעקלעך אפן אויג צו א סך קולטיווירטע מענטשן חס וחלילה ניט אריינצולאזן זיי איינוואנדערן.

קוקנדיק אף די באליוויאנישע אינדיאס, דערמאנט זיך אויך דערביי ניט ווילנדיק, אז אזא לאנד ווי באליוויע, וועמענס הויפטשטאט עס איז דורך דער פארהעלטנישמעסיק קליינער אידישער איינוואנדערונג מאדערניזירט און סאנירט געווארן, און וואס האט שוין ביז איצט אזויפיל צו פארדאנקען דער איינוואנדערונג און נאכמער צו דערווארטען, שטעלט פונדעסטוועגן א ווידערשטאנד דער אידישער איינוואנדערונג.

יעדער איינציקן אידן עצה איך אנצוקוקן די דאזיקע אינדיאס. ער מעג כלפי דעם אנערקענען ווי גרויס עס איז אונזער אייגענע שולד. ווייל די דאזיקע מענטשן, וואס שטייען דאך נאך אף א נידעריקער מדרגה פון קולטור, דארפן זיך פילן העכער און דערהויבענער פון אונז, נאר צוליב דעם וואס זיי אנערקענען זיך אנגעהעריק צו א געמיינשאפט. מיר להיפוך, וואס האבן אזויפיל געטאן פארן פארשריט פון דער מענטשהייט, ווערן פאראכטעט, ווייל מיר האבן ניט דעם מוט און די לבבות זיך צו אנערקענען דערצו וואס מיר זיינען: נעמלעך אידן און דוקא נאר אידן.

די ארגענטינער געשיכטע ציילט ניט קיין סך מער פון איין יאָרהונדערט. אין אָט דער געשיכטע דערמאָנט מען זיך אינעם צפון, אויפן היסטאָרישן באָדן פון ארגענטינע. אָבער פאר אונז, דאָס אלט־נייע פאָלק, וואָס האָט א שיינעם אוראלטן עבר, א יסורים־פולע ווייטער־אנטוויקלונג, א צרהדיקע קעגנווארט און א גרויסן עתיד, איז די דאָזיקע קורצע געשיכטלעכע אנטוויקלונג פון ארגענטינע פון גרעסטער באדייטונג, ווייל פון דעם קאָנען מיר זייער א סך פאר זיך לערנען.

אינעם יאָר 1810, האָט אין ארגענטינע געהערשט גרויס אומצופרידנקייט. דער גייסט פון דער נאָרד אמעריקאנער און פראנצויזישע רעוואָלוציעס, איז אריינגעדרונגען בא די ראנדן פון לא פלאטא. דער אינעווייניקסטער פאנאנדערפאל פון שפאניע מחמת דער מלחמה מיט נאפאָלעאָנען פירן דערצו, אז דאָס דאָזיקע לאנד זאָל ניט קאָנען אויסאיבן איר אויבערהערשאפט אין די קאָלאָניעס. שטרענגע און פארעלטערטע ווירטשאפטס־פאראָרדענונגען האָבן פארשאפט די אָפזונדערונגס און אומרואיקייט שטימונגען פון די ארגענטינער פאטריאָטן. אין שפאניע גופא אנטשטייען אפילו „כונטאס”, וואָס דעקלארירן זיך אלס רעגירונג פאר געוויסע טיילן פון לאנד. אויך פאר לא פלאטא אנטשטייט אזא מין „כונטא”. די באפולמעכטיקטע פון דער צענטראל־מאכט זיינען געגאנגען מיט כוח, אנשטאָט זיך צו באגעגענען מיטן דאָזיקן פאקט און עס באהאנדלען דיפלאָמאטיש. די דאָזיקע שטרענגקייט האָט ארויסגערופן בלויז האַס. האַס איז א שטארקע טרייבקראפט פאר אלע באוועגונגען, אָבער האַס אליין ווירקט נאָר צעשטערנדיק. ארגענטינע האָט געהאט דאָס גליק וואָס אונטערן פאָרזיץ פון סאאוועדרא, האָבן צוויי יונגע גרויסע אידעאליסטן, מאָרענאָ און פאסאָ, הויכע אידעאלן אין דער אנטשטייענדיקער באוועגונג אריינגעטראָגן. א טעטיקייט פון זעקס יאָר, האָט געקלעקט אף דורכזעצן אין אלע פראָווינצן פון לא פלאטא די אידעאלן פון אומאָפהענגיקייט קעגן דער רעאקציע און דער ברוטאליטעט. אין יאָר 1816 ווערט אונטערן פאָרזיץ פון לאפרידא מצד 29 פאטריאָטן ארויסגעגעבן די אומאָפהענגיקייטס דערקלערונג. כאָטש זייער א סך גייסטלעכע האָבן געהאלטן מיטן דעלעגירטן, ווערט מיט אייזערניש פאר די ביידע ארמיי־פירער בעלגראנאָ און סאן מארטין, וועלכע האָבן זיך דערביי געפונען, באשלאָסן א זייער פרייהייט־

לעבע קאָנסטיטוציע אַלס גרונט־תנאי פון דער צוקונפטיקער מלוכה.
מיט וואָס פאַרא קליינע כוחות, זיינען די פרייהייטס־קאַמפן געשטאָר־
בן און געוואונען געוואָרן! מיר מוזן זיך שעמען, וואָס מיר אידן האָבן
נאָך ניט דערגרייכט, און זיך עד היום ניט געקאָנט צוזאַמענשליסן צו אַ
נאַציע. בעלגראַנאָ טרעט מיט ווייניקער ווי 3.000 סאָלדאַטן צו זיין פריי־
הייטס־קאַמף אַרויס. קיינמאָל רעגירט ער ניט איבער מערער פון 3.000. זיין
סטראַטעגיע לערנט ער פון אַ בוך, און זיין מיליטערישע חכמה באַגרענעצט
זיך אַף איין און איינציקער פאָרמול. דאַקעגן האָבן באַזיצט אָבער די באַ־
גרינדער פון אַרגענטינע דעם אידעאַל און דעם מוט אַף קרבנות, פאַר זייער
פאָלק אַלצדינג צו וואַגן און אונטערצונעמען. האָס אַליין קלעקט ניט, כדי
גרויסע מעשים אויפצוטאָן. אַן אידעאַל אַליין קלעקט אויך ניט. עס מוז
נאָך אונטערקומען די אינעווייניקסטע גרייטקייט. דאָס אַלץ האָבן געהאַט
די באַגרינדער פון אַרגענטינע.
מיר אידן ווערן געהאַסט, אָבער אונזער קעגנהאַס פאַרלירט זיך תמיד
אינעם נעגאַטיוון. אידעאַלן האָבן מיר געהאַט מער פון וועלכן ניט איז
פאָלק אַף דער וועלט. מיר האָבן אונזערע כוחות פאַר די דאָזיקע אידעאַלן
פאַר'תכל'עוועט, מיר האָבן קיינמאָל ניט קיין געזונטן עגאָיזם פאַר זיך
אַרויסגעוויזן. אונזער קרבנות־גרייטקייט איז תמיד געווען אַ געצוואונגענע.
אַף דעם קרענקען מיר זייט 2.000 יאָר. אַט לערנען מיר פון דער אַרגענ־
טינער געשיכטע. יעדערער פון די פאַטריאָטן מיינט נאָר די זאַך, נאָר דעם
אידעאַל. קיינער האָט ניט געוואָרט, אַז דער צווייטער זאָל דעם קרבן ברענ־
גען. קיינער האָט זיך ניט געוואָלט אַרויסדרייען, כדי שפּעטער צו מרוח
זיין פון דערפאָלגרייכע אויפטוען. די פירער זיינען געווען תמיד גרייט
זייער אייגענעם נפש איינצושטעלן און זייער אייגענעם רכוש מפקיר צו זיין.
סאַן מאַרטין האָט שטאָלצירט מיט דעם, וואָס ער האָט אין דער גרויסער
שלאַכט פון מאַיפּו, בלויז דרייצן טויטע געמוזט מפקיר זיין. בעלגראַנאָ
איז מנדב דעם לאַנד פאַר שולצוועקן די פאַר די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן
זייער הויכע סומע פון 3.000 פּעזעס. אַרגענטינע איז גרויס געוואָרן, ווייל
עס האָט געוועלטיקט אַן אידייע, וואָס איז געריכטעט געוואָרן אַף אומבאַ־
דינגטע פרייהייט און גלייכהייט אָן פשטלעך. נאָך דער רעוואָלוציע האָט
עס נאָך זעקס שמיטות געדויערט, ביז אורקיזאַ באַזייטיקט מיט אַן אייזער־

נער האנט אלע בונדים, רעאקציאָנערן און אינערלעכע שונאים. טראָץ די פילע קליינע רעוואָלוציעס האָט ארגענטינע דורכגעלעבט א שטארקע אויפ־שטייג־אנטוויקלונג, דורך אזעלכע מענער ווי סארמיענטאָ און אוועזשא־נעדאַ, וואָס האָבן זייער פיל פאר דער עפנטלעכער דערציאונג אויפגעטון. מיט דער קאָנסאָלידירונג פון לאנד איז געקומען אלץ כסדר א גרעסער־ע איינוואנדערונג פון וואס ארגענטינע האָט זייער שטארק מרוח געווען. און היות אין הומאהואקא שטייט דער דענקמאָל פונעם אומבאקאנטן אינדיאַ, איז עס נאָר במילא אזוי ארום בארעכטיקט אין בוענאָס איירעס דעם דענק־מאָל פון אומבאקאנטן איינוואנדערער אויפצושטעלן. ווייל די גרויסע מאַ־סע ארבעטער פון אלע בארופן, האָבן פון ארגענטינע א באדייטנדיק לאנד געמאכט.

אוודאי זיינען במשך פון דער צייט זייער פיל רעכטן פארלעצט גע־וואָרן, אבער דער גרויסער ציל ווערט פון אכט ניט אויסגעלאָזן. און ווידער מוז איך דענקען וועגן אייניקע דערשיינונגען פון אונזער אידישן לעבן. און ניט ווילנדיק פארגלייך איך אונזערע העלדן, די חלוצים מיט די גאַו־טשאָס פון גועמעס, די וואָס האָבן די קרבנות־מוטיקייט פון דער „קאָנ־קיסטא" אף זיך גענומען. דאָס פאָלק איז תמיד גוט, נאָר די פירערשאפט, קאָן זיין א גוטע אָדער א שלעכטע. די אידישע פירערשאפט האָט ניט אנט־שפּראָכן די התחייבותן. אנשטאָט ווי בעלגראנאָ בראש פון זיינע גאוטשאָס צו גיין אויפן פאָדערשטן פראָנט, זיינען אונזערע מאָדערנע יהושועס גע־זעסן זיכער און געשיצט אין פאריז, לאָנדאָן, ניו יאָרק און אנדערע הויפט־שטעט. מען האָט געטאנצט קדוש פאר דער באלפור־דעקלאראציע און דער־גרייכט דעם ווייסבוך. אנשטאָט צו נעמען תורת משה אלס גרונט־תנאי, וואו די גרענעצן פון לבנון ביז פרת זיינען אָנגעצייכנט, באגנוגנט מען זיך מיט א פאָר קוואדראט־קילאָמעטער פון תל אביב. אנשטאָט צו שאפן א מלוכה אף ביידע זייטן ירדן, באגנוגנט מען זיך מיט א קליינעם געביט אף ביידע זייטן ירקון. אונזערע מנהיגים טראכטן כסדר נאָר דאָס, וואָס די אראבער איז אנגענעם. מאגנוס און מאנכע אנדערע אָפיציאליסטן רעגן שוין אפילו אָן צו אן אראבישן שטאָט־בונד; זיי האלטן, אז עס וועט אונז דאָרט ניט זיין ערגער ווי אונטער די פאָליאקן. אנדערע האלטן ווידער אז

מען מוז אף ענגלאנד אויסקוקן. אזוי וועט מען קיינמאָל ניט עפּעס דער־גרייכן. מיט שנאָרן ווערט קיין לאַנד ניט אויפגעבויט. יהושע האָט פּונקט ווי עזרה ניט אָנגענומען קיין פאַלשע „הנחות”; בא זיי זיינען קיין שום הנחות ניט הייליק געווען, ווייל נאָר דאָס פאָלק איז הייליק. זאָלן די פּאַ־טריאָטן קודם זיך גופא אין יעדער הינזיכט אליין מקריב זיין. מיר זאָלן זיך בלויז מיט אונזערע זאָרגן און אויפגאַבן באַשעפטיקן. ענגלאַנד און די אַראַבער וועלן שוין שפּעטער אליין זייערע אינטערעסן, אויך אָן אונ־זער קאַפּדאַרעניש, נעמען אין די הענט אריין. די שנאה, וואָס איז היינט קעגן אונז אזוי שטאַרק, מעג אונז סוף כל סוף צוזאַמענשמידן אין איין פאָלק. אונזער פאַרצווייפלונג זאָל אונז ענדלעך צוריקפירן צו אונזערע אור־אַלטע גרויסע אידעאַלן. מיר האָבן שוין אונזערע פּיאָנערן אין אונזער לאַנד; זאָלן די באַאַמטע אויפגעבן דאָס פּאָליטיקעווען, ווייל ניט זיי, נאָר די אַרבעט פון די חלוצים האָט אין פּאַלעסטינע אַלצדינג געשאַפן, וואָס עס איז פאַראַן. די סך אָרגאַניזאַציעס קאָנען העכסטנס ניט קאַליע מאַכן. עס איז אזוי ווי עס ווערט אָנגערופן אין אַן אַלטן אַרגענטינער גלייכווערטל: „דאָס לאַנד איז אזוי גרויס אַז עס האָט זיך פאַרט אַנטוויקלט, טראָץ אירע שלעכטע רעגירונגען”. מיר אידן זיינען אַ גרויס און אייביק פאָלק, און מיר לעבן טראָץ אונזער שלעכטער פירערשאַפט.

לאָמיר פאָדערן און קעמפן פאַר אַ לאַנד אין וועלכן עס זאָלן קאָנען לעבן 16 מיליאָן מענטשן. לאָמיר קעמפן פאַר אונזער רעכט אַלס פאָלק. עס איז שוין גענוג געבעטלט און געדרודערט געוואָרן. די באַאַמטן־פּאָליטי־קער קאָנען רואיק די אָרגאַניזאַציעס צוליב פּרנסה האַלטן. אָבער זאָלן מיר אַלע וויסן, אַז אַ פאָלק לעבט ניט, כדי באַאַמטע אויסצוהאַלטן, נאָר אדרבא אַז די באַאַמטע זיינען פאַראַן אַפּן פּלאַץ צו דינען די פאָלקס אינטערעסן.

ווען דער אמתער פּאַטריאָטן־גייסט, דער גייסט פון משה און עזרה, דער גייסט פון מאָרענאָ, בעלגראַנאָ און סאַרמיענטאָ, וועט אויך בא אונ־זער פירערשאַפט געוועלטיקן, דאַן וועלן מיר זוכה זיין צו דער ווידער־אויפשטעלונג פון גרויסן אידישן פאָלק אין לאַנד פון אונזערע אבות, ניט אזוי ווי באַלפור האָט ראָטשילדן, נאָר אזוי ווי השם יתברך האָט משה רבינו פאַרשפּראָכן.